# אַטוֹיטֶער בְּעוֹלָם הַזֶה

אַגְרוֹיסֶער חַטָא אֲרוֹיס גִינוּמֶען פוּן דִיא חֲטָאִים וָואס דֶער אַפִּיקוֹרֶס סַאלַאמָאן בּוֹימְבְּלַאט הָאט גִיטָאן אִין זַיין לֶעבִּין ׃

אֲרוֹיס גִיגֶעבִּין אִין דֶער וֶועלְט

על ידי

אֶחָד מֵעֲשָׂרָה הַבַּטְלָנִים אֲשֶׁר בִּקְלוֹיז נִיפְּסְק יְהוּדָא ב"ר שְׁמַרְיָהוּ הַנוֹדָע בְּשֵׁם יוּדְקֶע שְׁמֶערְקֶעס ׃

פון שמר



ווילנא

שנת תרל"ו לפ"ק

АТОТЕРЪ БОЕЛЕМЪ ГАЗЕ,

т. е.

Мертвецъ на нашемъ свѣтѣ.

сочинение. Н, Шемера.

ВИЛЬНА.
Въ Типографіи Финна, Розенкранца
и Шрифтзетцера. 1876.
На Вилейской улицѣ въ домѣ № 715/24

# אַקוּרְצֶע הַקְדָמָה

אמר יהודה בלא״א שמריהו המכונה יודקע שמעריקעס · עֶר זָאגְט יוּדְקֶע שְׁמֶערְקֶעס בִּהְיוֹת וְויא מַיין גַאנְצִין לֶעבִּין הָאבּ אִיךְ פֶּערְבְּרַאכְט אִין תּוֹרָה אוּנ יִרְאַת שָׁמַיִם · דֶען אִיךְ בִּין שׁוֹין גָאט צוּ דַאנְקֶען פוּן אַיְאהְר דְרַייסִיג אֵיינֶער פוּן דִיא עֲשָׂרָה בַּטְלָנִים אִין אוּנְזֶער נִיפְּסֶקֶער קְלוֹיז · אוּנ בְּחַסְדֵי ה׳ מִיט גָאטְס גִינָאדִין הָאבּ אִיךְ גֶעפוּנֶען חֵן אוּנ שֵׂכֶל טוֹב אִין דִי אוֹיגִין פוּן אַלֶע נִיפְּסֶקֶער בַּעֲלֵי בַּתִּים דֶען עֶס מֶעג דוּנֶערִין אוּנ בְּלִיצִין מוּז אִיךְ זַיין בַּא אַלֶע דְבָרִים שֶׁבִּקְדוּשָׁה דָאס אִיז דֶער טַייטְשׁ בַּא אַלֶע הֵיילִיגֶע זַאכִין אַף אַלֶע חֲבֶרְשֶׁע וָועצֶערֶעס אַף אַלֶע יָאהְרְצַייטִין אוּנ דָאס גְלַייכִין בַּא יֶעדֶער יְצִיאַת נְשָׁמָה אוּנ בַּא יֶעדֶער חוּפָּה · זה היום עשה ה׳ דֶעם טָאג הָאט גִיטָאן גָאט · אִיךְ בִּין שׁוֹין אִין מַיין לֶעבִּין גִיוָועֶן בַּא אַסַךְ מֶענְטְשִׁין אֵיידֶער דִיא כְּשֵׁרָה נְשָׁמָה אִיז בַּא זֵייא אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען אִיךְ הָאבּ גִיהֶערְט פִיל מָאל וִידוּיִים פוּן מֶענְשִׁין פַאר זֵייעֶר טוֹיט · נָאר אַזַא אַוִידוּי וְוי הַיינְט הָאבִּין מַיינֶע אוֹיעֶרִין פֶערְנוּמֶען הָאבּ אִיךְ נָאךְ קַיין מָאל נִיט גִיהֶערְט · וכך היה המעשה אוּנ אַזוֹיא אִיז גִיוָועֶן דִי מַעֲשֶׂה · הַיינְט אִין דֶר פְרִיא רוּפְט מֶען מִיךְ פְּלוּצְלוּנְג צוּ דֶעם גְבִיר דֶעם אַפִּיקוֹרֶס סַאלַאמָאן בּוֹימְבְּלַאט · אִיךְ הָאבּ זִיךְ זֵייעֶר גֶעוואוּנְדֶערְט מה לתבן את הבר וְויא קוּמְט דֶער פֶּערְד צוּ דִיא הָאבֶּער וָואס פַאר אַאִינְטֶערֶעסִין הָאט בּוֹימְבְּלַאט צוּא יוּדְקֶע שְׁמֶערְקֶעס · אִיךְ בִּין פוּן דֶעסְט וֶועגִין גִיגַאנְגֶען אוּנ הָאבּ אִים גִיפוּנֶען לִיגִינְדִיק אַפִּינְגֶעט אַבְּלַייבִינְקֶען · סַאלָאמָאן הָאט מִיר גִיהֵייסִין זִיצִין אוּנ הָאט מִיר גִיזָאגְט בְּזֶה הַלָּשׁוֹן : אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא רַבִּי יוּדְקֶע אַז אִיךְ דַארְף שְׁטַאְרְבִּין דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אַייךְ גִירוּפִין מוֹדֶה וּמִתְוַדֶּה זִיךְ זַיין פַאר אַייךְ בטרם גוית אֵיידֶער אִיךְ וֶועל שְׁטַארְבִּין ·

אִיךְ הָאבּ — אָן חֶרְפָּה גִירֶעט — זֵייעֶר הֲנָאָה גִיהַאט הֶערִינְדִיג דִיא וֶוערְטֶער עֶרְשְׁטִינְס וָואס מִי וֶוערְט פָּטוּר פוּן אַיין אַפִּיקוֹרֶס צְוֵוייטִינְס הָאבּ אִיךְ גִיוִוסְט אַז אִיךְ וֶועל דָא קְרִיגִין אַגוּטֶע מַטְבֵּעַ אוּנ אַגוּטֶע בִּיסִיל שְׁנַאפְּס · דַארִיבֶּער בִּין אִיךְ גִיזֶעסִין וְויא אַקַאטִינְקֶע אוּנ הָאבּ זִיךְ אַלְץ אַיינְגִיהֶערְט · אִיךְ זָאל אַייךְ זָאגִין פָּשׁוּט דִי לַייבּ הָאט אַף מִיר גֶעצִיטֶערְט הֶערִינְדִיג וָואס דֶער אַפִּיקוֹרֶס הָאט גִיטָאן אִין זַיין לֶעבִּין · אוּנ בַּייא מִיר אִיז גֶעבְּלִיבִּין אִיךְ זָאל אַלֶע זַיינֶע חֲטָאִים אָפְּדְרוּקִין כְּדֵי דִיא וֶועלְט זָאל וְויסִין פוּן וָואס פַאר אַפְּלַאגֶע זֵייא זַיינֶען פָּטוּר גִיוָוארִין אִיצְט גִיבּ אִיךְ אַרוֹיס זַיין

עֶרְשְׁטִין חֵטְא אוּנ הָאבּ אִים אַנָאמֶען גִיגֶעבִּין · אַטוּיטֶער אַף דֶער וֶועלְט · אוּנ אִיךְ הָאף צוּא גָאט וָואס הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט אוּנְזֶער מוּטֶער חַאנֶען אִין דֶער לֵייבִּין גְרוּבּ · נֵיין אִיךְ מֵיין דַנִיאֶלְן אַז אִין גִיכִין וֶועל אִיךְ אַרוֹיס גֶעבִּין אַלֶע חַטָאִים וָואס דֶער אַפִּיקוֹרֶס הָאט גִיטָאן · אִיךְ הָאבּ יֶעדֶער חֵטְא צוּא טֵיילְט אַף קַאפִּיטְלַאךְ אוּנ יֶעדֶער קַאפִּיטִיל הָאבּ אִיךְ גִיגֶעבִּין אַנָאמֶען אוּנ דָאס זַיינֶען דִיא נֶעמֶען פוּן דִי קַאפִּיטְלַאךְ וָואס גֶעפִינֶן זִיךְ אִין דֶעם חֵטְא ·

1) דִיא אַייזֶערְנֶע קַאסְטִין 2) דֶער עֶרְשְׁטֶער שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם
3) דִיא קַאטְץ אִיבֶּער דִיא סְמֶעטֶענֶע 4) שְׁקָאצִיל קוּמְט
5) וִויא קוּמְט דִיא קַאטְץ אִבֶּערִין וַואסֶער ? 6) בָּרוּךְ דַיָן הָאֱמֶת ! 7) אַבֵּייזֶע מוֹרָא 8) עֶר אִיז אוּיס מֶענְטְשׁ
9) אֲסוּף צוּא דִיא צָרוֹת 10) הָמָנִם מַפָּלָה

נאום הקטן יהודה ב״ר שמריהו
יום ו׳ עש״ק בארבעה עשר לירח זיו שנת השנה הזאת
שנת יבא משיח בן דוד *) לפ״ק

# דִיא אַייזֶערְנֶע קַאסְטִין

אִיךְ זָאל אַייךְ דֶער צֵיילִין פָאדְרָאבְּנֶע וֶוער אִיז גִיוֶועןְ חַייקִיל טֶעמֶעס טַאטֶע וֵויים אִיךְ אַף מַיינֶע אִידֶעשֶׁע נֶאֱמָנוּת נִיט · אִין דֶערַיין זַיינֶען פַארַאן אַסַךְ דֵעוֹת · אַנְדֶערֶע זָאגִין אַז זַיין טַאטֶע אִיז גִיוֶועןְ זָאל עֶר מִיר מוֹחֵל זַיין אַפְּרָאסְטֶער גַנָב אוּנ אִיז גִישְׁטָארְבִּין טַאקִי אִין סְקוּצְלֶער אַסְטְרָאג , נָאךְ אַנְדֶערֶע זָאגִין אַז עֶר הָאט עֶפֶּעס אָפְּגֶעטָאן אַמַעֲשֶׂה אוּנ הָאט צוּ לִיבּ דֶעם עוֹקֵר גִיוֶועןְ , אוּנ מִי וֵויים גָאר נִיט וואוּ זַיין גֶעבֵּיין אִיז הִינְגֶעקוּמֶען , מִיט אֵיין וָוארְט נִיט זֵייעֶר קַיין שֵׁיינֶעם שֵׁם הָאט עֶר נָאךְ זִיךְ גִילָאזִין · נוּר דָאס שַׁאדֶעט גָאר נִיט , הַיינְטִיגֶע צַייטִין קוּקְט מֶען אַף יִחוּס עַצְמוֹ · רֶבִּי חַייקִיל טֶעמֶעס אִיז זִיךְ אַשֵׁיינֶער אִיד , אוּנ שְׁפִּילְט אַשֵׁיינֶע רָאלֶע , אוּנ עֶר הָאט טַאקִי כָּבוֹד · אַדְרַבָּא וַוייזְט מִיר וואוּ גֶעפִינְט אִיר אִין דֶער גַאנְצֶער שְׁטָאט נִיפְסָק אַשֶׁענֶערִין אִידִין פוּן אִים · יַאנְקִיל דֶער סְטַארַאסְטֶע ? וֶועט אִיהְר זָאגִין , וֵויסִין אָבֶּער אַלֶע אַז עֶר אִיז גִיוֶועןְ אַשְׁמִיד · יוּדְקֶע צִיפֶּעס ? וִויא לַאנְג אִיז עֶר גִיוֶועןְ בַּא סֶערְלֶען אַמְשָׁרֵת · אִיךְ זָאג אַייךְ אַז קַיין שֶׁענֶערִן אִידִין פוּן רֶבִּי חַייקִיל טֶעמֶעס וֶועט אִיר נִיט גֶעפִינֶען · עֶר אִיז טַאקִי וִויא

*) טאמער וועט ניט אויס קומען ריכטיג דער פרט בין איך ניט שולדיג מיין כונה איז גיוועןְ צו גוטין גאט איז מיין עדות ·

מִי זָאגְט אִי דָא בְּאַגוּי אִי דָא לְיוּדִי · וָואס טוּיג מִיר אַלֶע קוּנְצִין · אַמֶענְשׁ וָואס אִיז זִיךְ עוֹסֵק דֶעם גַאנְצִין לֶעבִּין נָאר לְטוֹבַת הַכְּלַל · לָאזְט זִיךְ קֵיינֶעם נִיט מִישִׁין אִין קָהָלְשֶׁע גִישֶׁעפְטִין עֶר אַלֵיין נֶעבִּיךְ טְרָאגְט אַף זִיךְ אַלֶם , עֶר אִיז דֶער בַּעַל קַארָאפְקֶע עֶר פִירְט דִיא תַּלְמוּד תּוֹרָה · דֶעם הֶקְדֵשׁ · דִיא בָּתֵּי מִדְרָשִׁים · אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע הֵיילִיגֶע זַאכִין · הַיינְט ווִיפִיל צָרוֹת אוּנ עגמ״נ הָאט עֶר פוּן דִיא אַלֶע זַאכִין · אַלֶע פַּיינֶע יוּנְגֶען הָאבִּין אִים גִינוּמֶען אַף זֵייעֶרֶע צִינְגֶער · זֵייא זָאגִין אַז עֶר טוּט אַלְץ לְטוֹבַת עַצְמוֹ ; עֶר צִיט אַרָאפּ בַּא דִיא אָרִימֶע לַייט דִיא הוּיט מִיט דֶעם וָואס עֶר פְּרִיבַּאוֶועט אַלֶע מָאג אַקָאפֵּיקֶע אַף דֶעם פוּנְט פְלֵיישׁ · עֶר שְׁרַייבְּט אָפּ אַלֶע בִּנְיָנִים וָואס גִיהֶערִין צוּ תַּלְמוּד תּוֹרָה אַף זַיין נָאמֶען כְּדֵי זֵייא זָאלִין זִיךְ אָפְּשְׁטֶעלִין בַּא אִים , עֶר לָאזְט דִיא קְרַאנְקֶע אוּיס גֵיין פוּן הוּנְגֶער מִיט דֶעם וָואס עֶר נֶעמְט צוּ אַלֶע הַכְנָסוֹת פוּן הֶקְדֵשׁ · אוּנ דָאס גְלַייכִין נֶעמְט עֶר צוּא אַלֶע הַכְנָסוֹת פוּן דִיא בָּתֵּי מִדְרָשִׁים · אַזוֹא לַיידֶעט נֶעבַּאךְ דֶער הֵיילִיגֶער מֶענְשׁ אוּנ טְרָאגְט פוּן דֶעסְט וֶועגִין אַלְץ אִיבֶּער רוּהִיג , עֶר אִיז מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה אַלֶע יִסוּרִים וָואס דִי הוּלְטַאיֶעס מַאכִין אִים אָן , אַבִּי דֶער שְׁטָאט זָאל זַיין אַטוֹבָה · נוּא זָאגְט דַארְף מֶען קוּקִין אַף זַיין טַאטִין צוּ אַף זַיין מַאמֶען ? אִיז עֶר נִיט וֶוערְט מִי זָאל אִים אוּיס קוּשִׁין אַלֶע גְלִידֶער ? אוּנ מִיר זֶעהֶען טַאכִי בַּשַׁיינְפַּארְלַאךְ אַז גָאט אִיז מִיט אִים אוּנ עֶר פֶערְלָאזְט אִים נִיט · דֶען עֶר אִיז גָאט צוּא דַאנְקֶען אַגְבִיר עָצוּם , אוּנ גַאנְץ שְׁטָאט הַאלְט פוּן אִים · אַלֶע ווַייבֶּר בֶּענְטְשִׁין זִיךְ מִיט אִים , מִי טְרָאגְט אִים גֶעלְט פוּן אַלֶע זַייטֶען וואו נָאר אַנַדְן הַשְׁלָשָׁה אִיז בַּאלְד רַבִּי חַייקִיל טֶעמֶעם · אַלֶע ווֵייסִין גַאנְץ גוּט אַז עֶר אִיז אַיין אַייזֶערְנֶע קַאסְטִין לֵייגְט מֶען אַיין בַּא אִים גֶעלְט אִיז דָאס שְׁטֶענְדִיג מְזוּמָן , אוּנ קוּרַאנְט , אוּנ דַארִיבֶּער רוּפְט מֶען אִים טַאכִי מִיט דֶעם נָאמֶן , אַייזֶערְנֶע קַאסְטִין .

נָאר אִיךְ רֵייד דָא עֶפֶּעס פוּן אִים ווִיא פוּן אַמֶענְטְשִׁין וָואס לֶעבְּט נָאךְ אוּנ וָואס שְׁפִּילְט נָאךְ אִיצְט זַיין כְּשֶׁרֶה רָאלֶע · פֶערְרֵיידִינְדִיג זִיךְ אִיז מִיר גָאר פוּן זִינֶען אַרוּיס אַז עֶר אִיז שׁוֹין לַאנְג אַף דֶעם עוֹלָם הָאֱמֶת נוּר דָאס מַאכְט אַלְם נִיט אוּיס , צוּ אוּנְזֶער דֶער צֵיילוּנְג וֶועט דָאס גָאר נִיט שָׁאדִין , אוּנ כְּדֵי אִיךְ זָאל וַוייטֶער אַייךְ קֵיין טָעוּת נִיט הָאבִּין מוּז אִיךְ אִיבֶּער גֶעבִּין דֶעם לֶעזֶער אוֹת בְּאוֹת ווִיא מִיר הָאט דֶער צֵיילְט דֶער אַפִּיקוֹרֶס סַאלַאמָאן פַאר זַיין טֵייט אַיידֶער דִיא טְרֵייפֶע נְשָׁמָה אִיז פוּן אִים אַרוּיס , אָט דָאס אִיז זַיינֶע וֶוערְטֶער :

# דֶער עֶרְשְׁטֶער שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם

אִיךְ בִּין אַלְט גִיוֶועֶן 18 יָאר אַז אִיךְ בִּין אָנְגִיקוּמֶען פַאר אַיין אֵיידִים קַיין נִיפְסְק אִיךְ בִּין מִיר גִיוֶועֶן אַפֵּיינֶער יוּנְג, מִיט הֵייזִין אִיבֶּער דִי שְׁטִיוִויל אוּנ אַפָּארְהֶעמְדִיל אִפִּין הַארְצִין, אִיךְ בִּין גִיגַאנְגֶען מִיט לַאנְגֶע קוֹדְרֶעס בֵּיזִין אַקְסִיל בְּקִצוּר אִיךְ בִּין גִיוֶועֶן אַפֵּיינֶער יוּנְג, מַיין שְׁוֶוער הָאט דָאס אֲפִילוּ זֵייעֶר נִיט גִיווָאלְט לַיידִין וּנ עֶר הָאט מִיר עֶטְלִיכֶע מָאל אוֹיס גִירֶעט אַז עֶר אִיז נִיט צוּ פְרִידִין מִיט מַיין קַאסְטִיוּם · נָאר אִיךְ הָאבּ זִיךְ גִימַאכְט נִיט וִויסִינְדִיק, אוּנ הָאבּ מִיר גִיטָאן דָאס מַיינִיגֶע, דִיא עֶרְשְׁטֶע צְוֵוייא טֶעג אִיז ... ךְ גִיוֶועֶן צוּ דֶער לַיידִין דֶער שְׁוֶוער הָאט נָאךְ גִיפְּרַאטִיקִירְט מִיט מִיר אוּנ דִיא שְׁוִויגֶער הָאט נָאךְ גִיהַאלְטִין צוּא גִימַאכְט דֶעם מוֹיל · נָאר אַף דֶעם דְרִיטִין טָאג דָאס אִיז גִיוֶועֶן — אִיךְ גִידֵיינְק נָאךְ וִויא הַיינְט שַׁבָּת, בְּשַׁעַת דִיא גַאנְצֶע פַאמִילְיֶע הָאבִּין זִיךְ אוּפְגֶעקְלִיבִּין פִירִין מִיךְ אִין שׁוּל, הָאט דֶער שְׁוֶוער מִיךְ אָפּ גִירוּפִין אָן אַזַייט אוּנ הָאט מִיר אַשֶׁעפְּצֶע גִיטָאן אִין אוֹיעֶר אַז עֶר קֶען מִיט מִיר נִיט גֵיין אִין שׁוּל אוֹיבּ אִיךְ וֶועל נִיט אַרַיין שְׁטֶעקִין דִי הֵייזִין אִין דִי שְׁטִיוִויל, «פֶער שְׁטֵייסְטוּ מִיךְ שְׁלמה» הָאט עֶר צוּ מִיר גִיזָאגְט, אִין שׁוּל דַאוִוינְט רֶבִּי הַייקִיל טֶעמֶעס אוּנ אָן אִים הֵיינְגְט דַיין נַאנְצֶער גְלִיק אוֹיבּ דוּא וֶועסְט בַּא אִים אוֹיסְנֶעמֶען וֶועסְטוּ גֶעפִינֶען חֵן בַּא אַלֶע אוּנְזֶער שׁוּל מֶענְטְשִׁין אוּנ אוֹיבּ חָלִילָה דוּ וֶועסְט אִים נִיט גִיפֶעלִין בִּיזְטוּ אוּמְגְלִיקְלִיךְ מִי וֶועט דִיר הַאלְטִין פַאר אַיין אַפִּיקוֹרֶס, אוּנ גַאנְץ שְׁטָאט פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס וֶועלִין אַף דִיר טַייטְלֶען מִיט דִיא פִינְגֶער ׃

אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא נִיט — הָאבּ אִיךְ גִיעֶנְטְפֶערְט — צוּא אָן דִיא הֵייזִין הֵיינְט דִיא אִידֶעשְׁקַייט דַאכְצַאךְ וָואס מַאכְט דָאס אוֹיס צוּ דִיא הֵייזִין לִיגִין אַף דִיא שְׁטִיוִויל צוּ אִין דִיא שְׁטִיוִויל ·

אִי זָאלְסְטוּ קְרֶעפְּלַאךְ עֶסִין — הָאט גִיזָאגְט דֶער שְׁוֶוער — בַּא אוּנְז אִיז פָארְט אַזַא מָארֶע בַּא אוּנְז גֵייעֶן נָאר אַפִּיקוּרְסִים מִיט אַרָאפּ גֶעלָאזֶענֶע הֵייזִין ·

אִיךְ הָאבּ גִיזֶעהֶען אַז אִיךְ וֶועל מִיט וִיכּוּחִים גָאר נִישְׁט אוֹיס פִירִין הָאבּ אִיךְ זִיךְ מְיַשֵׁב גִיוֶועֶן אוּנ הָאבּ גְלַייךְ גִיעֶנְטְפֶערְט דֶעם שְׁוֶוער אַז אִיךְ וֶועל פַאר כָּל הַגֶעלְטִין מַיינֶע הֵייזִין נִיט בַּאהַאלְטִין ·

דֶער שְׁוֶוער אִיז גִיווָארִין הָעכְּסְט אִין כַּעס אוּנ הָאט גִיזָאגְט : אוֹיבּ דוּ וֶועסְט פְרַאוֶועֶן בַּא מִיר אִין שְׁטוּבּ אַזֶעלְכֶע שְׁטוּקֶעס וֶועט צְוִוישִׁין אוּנְז זַיין זֵייעֶר מִיאוּס ·

בְּקִיצוּר אִיךְ וִויל נִיט מַאֲרִיךְ בִּדְרוּשׁ זַיין אוּנ וָועל דֶער צֵיילִין בִּקִיצוּר , אַז עֶס אִיז גִיוָוארִין אַגַאנְצֶע דְרַאקְע צְווִישִׁין מִיר מִיט מַיין שְׁוָוער אוּנ וֶוען דִיא אִיבֶּערִיגֶע מְחוּתָּנִים וָואלְטִין זִיךְ נִיט אַרַיינְגֶעמִישְׁט וָואלְטִין מִיר זִיךְ גָאר אָן הַרְפָּה , טַאקִי גָאר פַּאפְּרָאסְטִי צוּקְלַאפְּט נָאר עֶטְלִיכֶע מֶענְטְשִׁין הָאבִּין זִיךְ אַרַיינְגִילֵייגְט אִין אַשָׁלוֹם אוּנ מִי הָאט אוּנְז צוּ שֵׁיירֶעט אָבֶּער אִיךְ הָאבּ אוֹיס גֶעפִירְט אוּנ בִּין גִיגַאנְגֶן אִין שׁוּל דַוְקָא מִיט אַרָאפְּגִילָאזֶענֶע הֵייזִן ׳

אִין שׁוּל שְׁטֵייעֶנְדִיג הָאבּ אִיךְ גָאר נִיט גִיקוּקְט אוֹיף קֵיינֶעם אוּנ בִּין מִיר גֶעשְׁטַאנֶען אַף מַיין אָרְט וִויא צוּ גֶעשְׁמִיט ׳ וָוארִים מִיר הָאט זֵייעֶר פֶערְדְרָאסִין דֶעם שְׁוֶוערְס וֶוערְטֶער ׳ אִיךְ בִּין גִיוֶוען אַזוֹי צוּא מִישְׁט אַז בְּשַׁעַת מִי הָאט מִיךְ אוּפְגֶערוּפִין מַפְטִיר הָאבּ אִיךְ גָאר נִיט גִיהֶערְט ׳ אוּנ אָז דֶער שַׁמָשׁ אִיז צוּא גִיגַאנְגֶען אוּנ הָאט מִיר גִיזָאגְט אַז מִי הָאט מִיךְ אוּפְגֶערוּפִין בִּין אִיךְ וִויא אַמְשׁוּגֶעגֶער אַרוֹיף צוּם אָרוֹן קוֹדֶשׁ אוּנ הָאבּ אִים גִיעֶפְנְט מִיר הָאט זִיךְ אוֹיס גִיגֶעבִּין אַז מִי הָאט מִיר מְכַבֵּד גִיוֶוען מִיט אַפְּתִיחָה ׳ אִין שׁוּל אִיז גִיוָוארִין חַאתַאטְלוּלֶעס מַיין שְׁוֶוער הָאט זִיךְ גִיוָואלְט אַלֶעבֶּעדִיגֶר בִּיגְרָאבִּין ׳ אוּנ אִיךְ אַז אִיךְ הָאבּ בִּימֶערְקְט מַיין וִוירְטְהוּם (טָעוּת) בִּין אִיךְ שְׁטַארְק רוֹיט גִיוָוארִין אוּנ הָאבּ גִילָאזִין דֶעם אָרוֹן קוֹדֶשׁ אָפִין אוּנ בִּין אַרוּפְגִיגַאנְגֶען אַפִּין בִּימָה אוּנ הָאבּ אָנְגִיהֵייבִּין צוּ זָאגִין דִיא בְּרָכָה ׳ אוּנ פוּן שְׁרֶעק אוּנ בּוּשָׁה הָאבּ אִיךְ גִיזָאגְט דִי לֶעצְטֶע בְּרָכָה אָנְשְׁטָאט דֶער עֶרְשְׁטֶער ׳ עֶס אִיז גִיוָוארִין אַפַּאטְשְׁעַרַייא פוּן אַלֶע זַייטִין הָאט מֶען אָנְגִיהֵייבִּין אוּנְטֶער צוּ זָאגִין דִיא בְּרָכָה ׳ עֶס אִיז נִיט פָאר צוּ שְׁטֶעלִין וִויא מִיר אִיז גִיוֶוען אַפִּין הַארְצִין ׳ מַיינֶע בְּרָכוֹת מִיט מַיין מַפְטִיר הָאבִּין גִיהַאט אַפָּנִים פוּן חוֹזִיק ׳ אוּנ אַזוֹיא וִויא אַגַנָב הָאבּ אִיךְ פַאר שְׁטֶעלְט מַיין גֶעזִיכְט אַרָאפּ גֵייעֶנְדִיג פוּן בִּימָה , אִיךְ הָאבּ קַאם דֶערְלֶעבְּט מִי זָאל קָאנְצֶען דֶעם דַאוְונֶען , אַזוֹיא וִויא אֵיינֶער וָואס וִויל אַנְטְלֵייפִין פוּן אַיין אַסְטְרָאג הָאבּ אִיךְ גִיוָואלְט אַנְטְלֵייפִין פוּן שׁוּל ׳ אָבֶּער נָאךְ דֶעם דַאוְונֶען הָאבּ אִיךְ גִיהַאט גָאר אַנְדֶערֶע יְסוּרִים דֶען פְּלוּצְלוּנְג אִיז צוּמִיר צוּ גִיגַאנְגֶען אַמֶענְשׁ אַמִיטֶלֶער וְואוּקְס פוּן אַיָאר 50 , אָנְגִיטָאן אִין אַלַאנְגֶע אַווַייסֶע זוּפֶּעצֶע אַרוּם גִיגַארְטִילְט מִיט אַבְּרֵייטִין שְׁווַארְצִין גַארְטִיל ׳ דִיא הַארְץ אִיז בַּא אִים גִיוֶוען אָפִין , אַשְׁטְרַאיְמֶעלֶע מִיט גְרוֹיסֶע עֶקִין אִיז גִיוֶוען אַף זַיין קָאפּ , דִי פִּיסֶעלַאךְ זַיינֶען בַּא אִים גִיוֶוען אַרַיינְגִישְׁטֶעקְט אִין ווַייסִינְקֶע זֶעקֶעלַאךְ אוּנ אִין צְווֵייא גְרוֹיסֶע פַּאנְטָפִיל ׳ אוּנְטֶערְן גַארְטִיל הָאט גִישְׁטֶעקְט אַגְרֵייסֶע אַרוֹיטֶע פַאטְשֵׁילֶע , דֶער גֶעזִיכְט אִיז בַּא אִים גִיוֶוען אַדִיקֶער אוּנ אַרוֹיטֶער עֶס אִיז קֶענְטִיג גִיוֶוען

אָן זַיין רוּיטִין נָאז אַז עֶר הָאט נִיט פַּיינְט אַבִּיסֶעלֶע בְּרַאנְפִּין ·

מִיט אַשְׁמֵייכִיל הָאט מִיר דֶער זָאנְדֶערְבַּארֶער מֶענְטְשׁ גִיגֶעבִּין דִיא הַאנְט, אוּנ הָאט גִיזָאגְט: „שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם יוּנְגֶער מַאן! עֶפֶּעס אַייעֶרֶע הֵייזִין מִיט דִיא מִינִישְׁקֶעלֶע הָאבִּין הַיינְט נִיט זֵייעֶר גוּט גִימַאכְט זָעהְט שְׁטַארֶעט וַייטֶער זָאלִין זֵייא בֶּעסֶער מַאכִין · · ·

אִיךְ הָאבּ פַאר כַּעס נִיט גִיקֶענְט עֶנְטְפֶערִין אִיךְ הָאבּ גִיזֶעהֶן וִויא אַלֶע רוּמְשְׁטֶעהֶענְדֶע הָאבִּין אַף מִיר גִיקוּקְט וִויא אַף אַמִישׁוּגֶענֶעם בַּא יֶעדֶערִין אִיז גִילֶעגִין אַגִילֶעכְטֶער אף דִיא לִיפִּין ·

אַייעֶר אֵיירִים הָאט זִיךְ גִיוִוים נִיט אוֹיס גִישְׁלָאפִין „הָאט גִיזָאגְט דִי טְרַיימֶעלֶע צוּ מַיין שְׁוֶוער“ „פִירְט אִים אַוֶעק אַהֵיים טוּט אִים אוֹיס זַיינֶע הֵיזִין מִיט דִיא מִינִישְׁקֶעלֶע אוּנ לֵייגְט אִים שְׁלָאפִין אַרְחֲמָנוּת אַף אַגָמְס בִּישֶׁעפֶּענִים“ ·

דָא הָאבּ אִיךְ זַאךְ שׁוֹין נִיט גִיקֶענְט אַיין הַאלְטִין אוּנ הָאבּ גִיעֶנְטְפֶערְט מִיט כַּעס „דוּא מוּזְט זַיין שִׁיכֹּר אוּנ ווִילְסְט שְׁלָאפִין דוּכְט זַאךְ דִיר אוֹיס אַז אַלֶע ווִילִין שְׁלָאפִין“ ·

הַא? הַא? הָאבִּין 20 קוֹלוֹת מִיט אַמָאל אַגִישְׁרֵייא גִיטָאן דֶר מְשׁוּגָעֶנֶער זֵידִילְט רֶבִּי חַייקִיל טֶעמֶעס טְרַייבְּט אִים אַרוֹיס פוּן שׁוּל ·

„קְלַאפְּט אִים אָן דִי זַייטִין“! הָאבִּין נָאךְ אַנְדֶערֶע גֶעשְׁרִיעֶן „קְלַאפְּט אִים אַרוֹיס דִיא מְשׁוּגַעַת · שְׁלָאגְט! קְלַאפְּט“! הָאט גִידוּנֶערְט פוּן יֶעדְער ווִינְקִיל, מִי ווָאלְט מִיךְ אֶפְשָׁר גִישְׁלָאגִין בִּיז טוֹיט ווֶען אִיךְ ווָאלְט מִיט אַלֶע קְרֶעפְטִין זִיךְ נִיט גִימַאכְט אַוֶועג צְוִוישִׁין דֶעם נַארָאד אוּנ ווָאלְט נִיט אַרוֹיס גִילָאפִין פוּן שׁוּל ווִיא אַפֶערְסַאמְטֶע מוֹיז ·

דָאס הָאט אִיר אַיךְ מַיין עֶרְשְׁטִין שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם אִין נִיפְּסָק ·

## דִיא קַאטְין אִיבֶּער דִיא סֶמֶעטֶענֶע

דֶער אוּנְגְלִיק ווָאס מִיר הָאט גִיטְרָאפִין אִין שׁוּל הָאט מִיךְ גִיפִירְט צוּא נָאךְ אַגְרֶעסֶערִין אוּנְגְלִיק דֶען מַיינֶע שְׁווִיגֶערְעלְטֶערִין מִיט מַיין ווַייבּ הָאבִּין אַף מִיר גִיווָארְפִין אַיין אוֹם חֵן פוּן יֶענֶער צַייט אָן אוּנ הָאבִּין זִיךְ גִישְׁטַארֶעט פוּן מִיר פְּטוּר ווֶערִין, דֶער צוּ הָאט נָאךְ רֶבִּי יֶעקִיל טֶעמֶעס מִיט זַיינֶע חֲסִידִים אוּנְטֶער גִיגֶעבִּין פַייעֶר מִי הָאט אַלֶע טָאג גֶעשִׁיקְט דֶעם שְׁוֶוער אָן זָאגִין אַז אוֹיבּ עֶר ווֶעט מִיט מִיר נִיט שְׁלָאגִין קַיין כַּפָּרוֹת ווֶעט מֶען צוּ אִים אוֹיס לָאזִין אַלֶע בֵּייזֶע חֲלוֹמוֹת אִין קוּרְצִין גִירֶעט מִי הָאט אָנְגִיהֵייבִּין

מִיר אַיין צוּ רֵיידִין אִיךְ זָאל גֶעבִּין גֶט , אִיךְ הָאבּ פוּן אָנְהֵייבּ נִיט גִיוָואלְט הֶערִין דֶער פוּן נָאר זַיינֶער אַגוּטֶער בִּיקַאנְטֶער וָואס הָאט גֶעוֵויינְט אִין דֶער שְׁטָאט עֶר אִיז גִיוֶוען אַדָאקְטֶער מֶעדִיצִין פוּן מַיין שְׁטָאט הָאט מִיךְ צוּ גִירֶעט אִיךְ זָאל זִיךְ סָאגְלַאסֶען דֶערְצוּ נָאר בִּתְנַאי אַז מִי זָאל מִיר גֶעבִּין אַסַךְ גֶעלְט כְּתוּבָּה , דֶער דָאקְטֶער אִיז גִיוֶוען אַיין וַואהְרֶער אַדִיל מַאן אוּנ אַפֶערְשְׁטַאנְדִיגֶר מֶענְטְשׁ עֶר הָאט מִיר גִיגֶעבִּין צוּ פֶערְשְׁטֵיין וִויא אוּנְגְלִיקְלִיךְ אִיךְ וֶועל פַאר בְּרֵיינְגֶען מַיין גַאנְצִין לֶעבִּין מִיט אַנוַייבּ וִויא מַיינֶע אִיז אַזַא פְּרָאסְטַצְקֶע אַזַא אוּנְגֶעבִּילְדֶעטֶע בִּישֶׁעפֶענִים · אִיךְ הָאבּ אִים גִיפָאלְגְט אוּנ הָאבּ זִיךְ צוּ גִילָאזִין צוּ אַגֶט אוּנ הָאבּ טַאקִי אוֹיס גֶעפִירְט מִי זָאל מִיר גֶעבִּין צְוֵייא טוֹיזֶענְד קֶערְבְּלַאךְ כְּתוּבָּה · אוּנ דֶער מִיט בִּין אִיךְ אַרוֹיס פוּן שְׁוֶוערְם הוֹיז , אוּנ הָאבּ זִיךְ אַרַיינְגֶעקְלִיבִּין צוּא מַיין גוּטִין פְרַיינְד דֶעם דָאקְטָאר הִימֶעלְשַׁיין · בַּא זִיךְ הָאבּ אִיךְ בַּאקְלֶערְט אַז אִיךְ זָאל נִיט אַוֶועק פָאהִרין פוּן שְׁטָאט נִיפְסְק כָּל זְמַן אִיךְ וֶועל זִיךְ נִיט נוֹקֵם זַיין אָן רֶבִּי חַייקִיל טֶעמֶעס · דֶער דָאקְטָאר הָאט מִיר אֲפִילוּ אָפְּגִישְׁלָאגִין דֶער פוּן נָאר אִיךְ בִּין פוּן קִינְדְוַויס אָן גִיוָוען זֵייעֶר אַבִּיטֶערֶער יוּנְג אַגְרוֹיסֶער נוֹקֵם וְנוֹטֵר דַארִיבֶּער הָאבּ אִיךְ אִים גָאר נִיט גִיוָואלְט הֶערִין , עֶס מֶעג זַיין וָואס עֶס וִויל הָאבּ אִיךְ אִים גִיזָאגְט , אִיךְ מוּז אוֹיס פִירִין דָאס מַיינִיגֶע , אוּנ מוּז בַּאצָאלִין עֶרְלִיךְ רֶבִּי חַייקְלֶען חָאטְשׁ אִיךְ הָאבּ גָאר נִיט אַרוֹיס גִיזֶעהֶען מִיט וָואס קֶען אִיךְ אִים בֶּעשְׁטְרָאפִין ·

אִיךְ הָאבּ מִיר דֶערְוַוייל גִינוּמֶען בִּיטְרַאכְטִין רֶבִּי חַייקִילְס פָּאלֶאזֶענִיֶע אוּנ הָאבּ אַרוֹיס גִיזֶעהֶען אַז אִיךְ הָאבּ דָא צוּ טָאן נִיט מִיט אַבִּי אַמֶענְטְשֶׁעלֶע אִיךְ דַארְף דָא פַאר פִירִין אַגִישֶׁעפְט מִיט אַרִיז , דֶען דִי גַאנְצֶע שְׁטָאט אִיז גִיוֶוען בַּא דֶעם מֶענְטְשִׁין אִין דִי הֶענְט אַזוֹא וִויא מִי זָאגְט «וִויא אַטֶעפִּיל אִין דִיא הַאנְד פוּן אַטֶעפֶּער» , וָואס עֶר הָאט גִיוָואלְט הָאט עֶר גִיטָאן , הָאט עֶר זִיךְ אוֹיס גִירֶעט אַוָוארְט הָאבִּין גִימֶעגְט קוּמֶען כָּל מַלְכֵי מִזְרָח וּמַעֲרָב אִיבֶּער שְׁפַּארִין אִים הָאט גָאר נִיט גִיהָאלְפִין הָאט עֶר גִיזָאגְט אִין מִיטִין הֶעלִין טָאג אַז אִיצְט אִיז נַאכְט הָאבִּין אַלֶע צוּגִישָׁאקִילְט מִיטִין קָאפּ , וִויא דִיא וַוייבֶּער וָואס שָׁאקְלֶען צוּ מִיט דִיא קֶעפּ יוֹם כִּפּוּר אִין שׁוּל הֶערֶענְדִיק דִיא רֵייד פוּן חַייקֶע דֶער זָאגֶערִין · עֶר הָאט גִיהַאט דִי גַאנְצֶע דֵיעָה אִיבֶּער דֶעם רָב · דֶעם שַׁמָשׁ , דֶעם חַזָן , דֶעם שׁוּלְקְלַאפֶּר , אִיבֶּער דִיא גַבָּאִים פוּן חֶבְרָה קַדִישָׁה חֶבְרָה הַדְלָקַת הַנֵרוֹת · אוּנ אֲפִילוּ אַף דֶעם סְטַארָאסְטֶע יַאנְקִיל וָואס זִינְד עֶר הָאט פֶערְבִּיטִין דִיא קוּזֶנֶע מִיט דֶעם הַאמֶער אַף דֶער קָהָל

שְׁטִיבִּיל אוּנ אִיז גִיוָוארִין אַפַּרְנֵס חוֹדֶשׁ אִיז קַיין קְרוּמֶער צוּ אִים נִיט גְלַייךְ גִיוֶועזְן ׳ אֲפִילוּ עֶר הָאט אויךְ אַיין גִיבַּייגִין דִיא קָאפּ פַאר רֶבִּי חַייקִיל טֶעמֶעס ׳ וָואס דַארְפְט אִיר מֶער אֲפִילוּ דֶער הִינְקֶעדִיקֶער שְׁנַיידֶער וָואס אִיז נִיט לַאנְג פוּן נָאדִיל אַרוֹיס אוּנ אִיז גִיוָוארִין אַמָאסֶר , אָט דֶער שְׁנַיידֶער וָואס שְׁטֶעלְט פַאר זִיךְ קֵיינֶעם נִיט פָאר אוּנ פַאלְט אַף אַלִימֶען אָן וִויא אַהוּנְד אֲפִילוּ עֶר הָאט אויךְ וִויא עֶס וַוייזְט אוֹיס מוֹרָא גִיהַאט פַאר רֶבִּי חַייקְלֶען , דֶען וָואס עֶר הָאט אִים בֶּעפוּילִין הָאט עֶר גְלַייךְ גִיטָאן , הַיינְט וָוער רֶעט פוּן זַיין רַייכְקַייט , מֶעג מֶען זָאגִין אַז עֶר אִיז גִיוֶוען דֶער רַייכְסְטֶער פוּן שְׁטָאט , זַיין וַוייבּ עֶלְקֶעלֶע וָואס אִיז גִיוֶוען בְּרֵייטֶער וִויא הֶעכֶער הָאט גִיטְרָאגְן אַהַאלְז פֶּערִיל וָואס הָאט בִּיטְרָאפִין גֶעווִיס צְוַויא טוֹיזֶענְד רוּבִּיל זִיא אִיז גִיגַאנְגֶען אָנְגִיטָאן אִין צְוַויא פָאר טַייעֶרֶע בּוּרְלַאנְטֶענֶע אוירִינְגְלִיךְ אַפָאר אַף דִיא אוֹיעֶרִין אוּנ אַפָּאר אַפִּין הָארְבַּאנְד , מִיט אַיין וָוארְט דֶער מֶענְטְשׁ הָאט זִיךְ גִיבָּאדִין אִין גֶעלְט אוּנ אִיז גִיוֶוען וִויא אַקַאטְץ אִיבֶּער דִיא גַאנְצֶע סְמֶעטָענֶע ׳

## שְׁקָאצִיל קוּמְט

אִיךְ דַארְף אַייךְ נִיט דֶערְצֵיילִין אִיר דַארְפְט אַלֵיין פַאר שְׁטֵיין אַז דִי נִיפְּסְקֶער הָאבִּין פוּן מִיר נִיט זֵייעֶר פִיל גִיהַאלְטִין , דָאס רוּב מֶענְטְשִׁין הָאבִּין מִיךְ גִיהַאלְטִין פַאר אַמְשׁוּגָענֶעם , אוּנ בְּשַׁעַת אִיךְ פְלֶעג גֵיין אִין גַאס פְלֶעג אִיךְ אָפְט הֶערִין הִינְטֶער זִיךְ אַקוֹל וָואס הָאט גִיזָאגְט «מִי אִיז דִיר מְכַבֵּד מִיט אַפְּתִיחָה» אַנְדֶערֶע הָאבִּין מִיר גִיהַאלְטִין פַאר אַיין אַפִּיקוֹרֶס אָדֶער גְלַאט פַאר אַפְּרָאסְטִין הוּלְטַאי נָאר מִיר הָאט דָאס גָאר נִיט גִיצֶעפֶּעט אוּנ הָאבּ מִיר גִיזוּכְט אַגִילֶעגֶענְהַייט וִויא אַזוֹא אָפּ צוּרֶעכֶענֶן זִיךְ מִיט חַייקִיל.טֶעמֶעס ׳

צְוַויא וָואכִין זַיינֶען אִיבֶּער גִיגַאנְגֶען פוּן דֶער צַייט וָואס אִיךְ הָאבּ זִיךְ גִיגֶעט מִיט מַיין וַוייבּ אוּנ קַיין נַייס הָאט זִיךְ נָאךְ גָאר נִיט גִימַאכְט , אִיךְ בִּין דָאךְ מֶער נִיט וִויא אַזִינְדִיגֶער מֶענְטְשׁ , דְרוּם הָאבּ אִיךְ אָנְגִיהֵייבִּין אַבִּיסִיל צוּ צְוַוייפְלֶען (מְסוּפָּק זַיין) אִין אַאוּסְפֶּעךְ , עֶפֶּעס אַיין מָאהְל בִּין אִיךְ גִיגַאנְגֶען אַפִּין פָּאצְט פְרֶעגִין צוּ אִיז נִיטָא צוּ מִיר קַיין בְּרִיף פוּן מַיינֶע עֶלְטֶערִין , דֶער פָּאצְטֶער דָאס הֵייסְט דֶער וָואס נֶעמְט אַלֶע בְּרִיף אַף צוּא פֶערְנַאנְדֶער שִׁיקִין זֵייא אִיז גִיוֶוען אַאִיד פוּן אַיָאר 45 אַמָאגֶערֶער אַדַארֶער אָנְגִיטָאן וִויא אַיין אַלְטֶער פַאנַאטִיק ׳ נָאר פַאר אַזֶעלְכֶע מֶענְטְשִׁין וִויא אִיךְ הָאט עֶר פֶערְטְרוֹיט אַז עֶר אִיז פוּן הַיינְטִיקֶער וָועלְט ׳ אִין שְׁטָאט הָאט מֶען

אַף אִים אֲפִילוּ אַבִּיסֶעלֶע צוּ גֶעבְּרוּמְט אַז עֶר עֶפִּינְט אויף אַלֶע בְּרִיוָועלַאךְ אֵיידֶער עֶר צוּשִׁיקְט זֵייא טָאמֶער אִיז דָארְטִין פַּארַאן עֶפֶּעס גֶעלְט אַגַב צוּ וִויסִין יֶעדֶערִינְס אִינְטֶערֶעסִין נָאר דָאס אִיז נִיט מַיין גִּישֶׁעפְט · אִיךְ בִּין גִיקוּמֶן צוּ אִים פְּרֶעגִין אַבְּרִיף אוּנ עֶר הָאט מִיךְ זֵייעֶר שֵׁיין אוּפְגֶענוּמֶען אוּנ הָאט מִיר פֶערְטְרוּיט אַז הַיינְטִיגֶער דַאוּוְנֶען אִיז בַּא אִים גִיוֶועֶן אָן הֶענְט אוּנ אָן פִּים דֶען עֶר הָאט הֶעכֶער פוּן פִינְף חֲלָקִים אִיבֶּער גֶעהִיפְּט וַוייל עֶר הָאט קַיין צַייט נִיט גִיהַאט · מִיר זַיינֶען זִיךְ גִיזֶעסִין אוּנ הָאבִּין גִירֶעט אַנְטְקֶעגִין אוּנְז אִיז גִיזֶעסִין זַיין וַוייבּ אַבֶּעיְאהֶרְטֶע אַלְטֶע אִידֶענֶע אוּנ הָאט גִיאַרְבֶּעט אַזָאק אוּנ דֶערְבַּייא יֶעדֶער מִינוּט אַשְׁמֶעק גִיטָאן טַאבַּאק פוּן אַגְרוּיסֶע פּוּשְׁקֶע וָואס אִיז גֶעשְׁטַאנֶען לֶעבִּין אִיר , פְּלוּצְלוּנְג אִיז אַרַיין אַמֵיידִיל פוּן אַיָאר 18 אָנְגִיטָאן זֵייעֶר אָרוּם נָאר אַזַא חֵן וִויא אַף אִיר אִיז גִילֶעגִין הָאט מִיר נָאךְ נִיט גִיטְרָאפִין צוּ זֶעהֶען אִיךְ זָאג אַייךְ פָּשׁוּט אַגִימֶעל , אִיךְ הָאבּ פְּרָאבְּט גִירֶעט נִיט גִיקֶענְט דִיא אוֹיגִין אַרָאפּ גֶעמֶען פוּן אִיר ·

«שְׁקָאצִיל קוּמְט חַנָה» ! הָאט גִיזָאגְט דִי פָּאצְטֶערְקֶע צוּ דָר שֶׁענְהַייט , וָואס אִיז דִיא מַעֲשֶׂה מִיט דִיר וָואס דוּ וַוייכְּסְט שׁוֹין גָאר פוּן אוּנְז , דִיר שְׁטֵייט שׁוֹין אַפָּנִים גָאר נִיט אָן אַרַיין קוּמֶען צוּ דַיין אָרִימֶע מוּמֶע דוּ מֵיינְסְט דֶערְוָוארְמָתִין אַז דוּא דַארְפְסְט זִיךְ מִיט מִיר שֶׁעמֶען גִישְׁקֶשֶׁע נַארִינְקֶע אָרִים אִיז קַיין שַׁאנְד · אַחַרְפָּה אִיז גַנְבְנֶען ·

חֲלֶעבִּין מוּמֶע אִיר שִׁיט מִיר נָאךְ זַאלְץ אַף דִיא ווּנְדִין «הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט חַנָה, אוּנ טְרֶערִין הָאבִּין זִיךְ אִיר גִישְׁטֶעלְט אִין דִיא שֵׁיינֶע שְׁוַוארְצֶע אוֹיגִין , אִיר וֵוייסְט דֶען נִיט מַיינֶע צָרוֹת וִויא דִיא טַייעֶרֶע עֶלְקֶע לוּמֶעט זִיךְ אִיבֶּער מִיר , זִיא לָאזְט מִיר אַמִינוּט נִיט אָפְּדִיכֶען , ב״ה גַאנְצֶענֶע טֶעג אוּנ גַאנְצֶענֶע נֶעכְט הָארֶעוֶוע אִיךְ וִויא אַיין אָקְס אִין שָׁאךְ אִיךְ הָאבּ אֲפִילוּ קַיין צַייט נִיט אַנָאז אוֹיס צוּ שְׁנֵייצִין , אוּנ אִיר זָאגְט מִיר נָאךְ אַז אִיךְ שֶׁעם זִיךְ מִיט אַייךְ ·

«אַלֶע מַגֵפוֹת אַלֶע חָאלֶערְיֶעס זָאלִן זִיךְ אוֹיס קַייקְלֶען צוּ אִיר טְרֵייפֶנֶע קָאפּ» הָאט גִיזָאגְט דִי פָּאצְטֶערְקֶע מִיט כַּעַס , שְׁטֵייטְס ? פַאר וָואס שְׁוַוייגְסְטוּ אִיר פַאר וָואס דֶער צֵיילְסְטוּ דָאס נִיט רָבִּי חַייקְלֶען , עֶר וָואלְט דָאךְ אִיר אַלֶע צֵיינֶער אוֹיס גִירִיסִין פוּן פַארְשִׁיוֶועֶן מוֹיל ·

«הֶערְט אִיר מוּמֶע» הָאט גִיזָאגְט חַנָה אַבִּיסֶעלֶע שְׁטִילֶער «אִיר מֵיינְט אַז עֶר אִיז בֶּעסֶער פִין אִיר אַזֶעלְכֶע יָארִין זָאלִין זֵייא רבש״ע בֵּיידֶע הָאבִּין וָואס פַאר אַדִימֶענְטִין זֵייא זַיינֶען»

»עֶר אֵיךְ ? עֶר אֵיךְ« ? הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן דִיא פָּאצְטֶערְקֶע , עֶר
הָאט זִיךְ גָאר פַאר גֶעסִין אַז דַיין טַאטִינְס גוּטְס אִיז אַרַיינְגִיפַאלִין צוּ אִים ?
וַוייא אִיז צוּ זַיינֶע יָאהְרִין דַיין טַאטֶע זְכוּתוֹ יָאגֶע לַיינוּ (זְכוּתוֹ יָגֵן עָלֵינוּ) הָאט
דָאךְ דִיר גִילָאזִין אַזוֹא פִיל גֶעלְט אוּנ זַייא נָאךְ נִיט גֶענוּג וָואס זַייא גִיבִּין
דִיר דַיין גֶעלְט נִיט אַוֶועק הַאלְטִין זַייא דִיר גָאר פַאר אַדִינְסְט אַקְלָאג צוּ
מִיר אַגְרוֹיסֶער, צוּ וָואס מַיין שְׁוֶועסְטֶערְס בַּת יְחִידָה הָאט זִיךְ דֶער דִינְט

אִיךְ הָאבּ זִיךְ גוּט אַיין גִיהֶערְט צוּ דִיא אַלֶע וֶוערְטֶער , דָאס הַארְץ
הָאט מִיר אָנְגִיהֵייבִּין צוּ קָאכִין אִיךְ הָאבּ פַאר שְׁטַאנֶען אַז דִיא מֵיידִיל אִיז
נֶעבַּאךְ אַשְׁוָוערְטִּיוָוע (אַקְרָבָן) צוּ רֶבִּי חַייקְלֶען, אִיךְ הָאבּ זִיךְ נִיט גִיקָאנְט אַיין
הַאלְטִין , אוּנ הָאבּ גִיפְרֶעגְט דֶעם פָּאצְטֶער וָואס אִיז דָא פַאר אַמַעֲשֶׂה ׳

»פֶערְשְׁטֵייט אִיר מִיךְ יוּנְגֶער מַאן« , הָאט דֶער פָּאצְטָער גִיעֶנְטְפֶערְט ,
אִיר פֶערְשְׁטֵייט דָאךְ עֶפֶּעס יֶע וָואס אַוֶועלְט אִיז , אָ וַוייא ! הַיינְטִיגֶע צַייט
אוּבְּשְׁטֵיינְס גִיזָאגְט אִיז קַיין יוֹשֶׁר גָאר נִיטָא , אִיר קֶענְט דָאךְ מִסְתָּמָא רֶבִּי
חַייקִיל טֶעמֶעס אִיר הָאט גִימוּזְט הֶערִין אַז עֶר אִיז אַטַייעֶרֶער אִיר אַגְרוֹיסֶער
יְרֵא שָׁמַיִם , אַז אַךְ אוּנ וַוייא צוּ אַזָעלְכֶע טַייעֶרֶע אִידִין , אִיר זָעט דָא דִיא
מֵיידִיל דָאס אִיז מַיין וַוייבְּס אַפְּלִימָענִיצֶע , דֶער פָּאטֶער אִירֶער אִיז גִיוֶוען
אַגַאנְץ רַייכֶער אִיד אַף מִיר גִיזָאגְט גִיוָוארִין אַחוּטְץ זַיין שָׁאדִין , דָא פַאר
אַיָארִין אִיז עֶר נִפְטַר גִיוָוארִין ר״ל , אוּנ פַאר זַיין טוֹיט הָאט עֶר גִירוּפִין צוּ
זִיךְ רֶבִּי חַייקְלֶען אוּנ הָאט אִים אָפּ גִיגֶעבִּין זַיין גַאנְצֶע גֶעלְט אוּנ הָאט אִים
גִיבֶּעטִין אַז עֶר זָאל דִיא פְּרִיצָענְט גֶעבִּין זַיין אַלְמָנָה מִיט זַיין בַּת יְחִידָה בִּיז
מִיא וֶועט דַארְפִין טָאן. מִיט אִיר אַשִׁידוּךְ , רֶבִּי חַייקִיל הָאט אִים גִיגֶעבִּין
אַתְּקִיעַת כַּף אַז עֶר וֶועט אִיסְפָּאלְנַיין אַלֶס וָואס דֶער שְׁכִיב מְרַע הָאט אִים
גִיהֵייסִין , אָבֶּער בַּאלְד נָאךְ מַיין שְׁוָואגֶערְס טוֹיט הָאט עֶר אוֹפְגִיהֶערְט צוּ
גֶעבִּין אֲפִילוּ אַקָאפֵּיקֶע דִיא בִּיטֶערֶע אַלְמָנָה מִיט אִיר יְתוֹמָה , זַייא הָאבִּין
זַאךְ נֶעבַּאךְ אוּמְזִיסְט גִיבֶּעטְן עֶר זָאל זַייא גֶעבִּין הָאטְשׁ אַף פְּרָאסְטִין בְּרֵייט
מִיט קְרוּפְּנִיק עֶר הָאט אָבֶּער זִיךְ גִימַאכְט אַהַארְץ פוּן אַשְׁוַוארְצְיָאר אוּנ הָאט
זַייא פוּן שְׁטוּבּ אַרוֹיסְגֶעטְרִיבִּין ׳ אִין קוּרְצִין וֶועל אִיךְ אַייךְ דֶערְצֵיילִין אַז
דִיא אָרִימֶע אַלְמָנָה אִיז גִישְׁטָארְבִּין פוּן הוּנְגֶער אוּנ דִיא טָאכְטֶער אִירֶע
נָאךְ דֶעם אַז זִיא הָאט זִיךְ אוּים גִיוַואלְגֶערְט בַּא אַלֶע קְרוֹבִים אַף דִיא
אֵייוּוינְס הָאט זִיךְ רֶבִּי חַייקִיל גִיֶעבֶּע מָא מְרַחֵם גִיוֶוען אוּנ הָאט גֶעוּוִיזְן
אַחֲנִינָה אַז עֶר הָאט אִיר צוּ גִינוּמֶען צוּ זִיךְ , אַיָאר אִיז זִיא שׁוֹין בַּא אִים
אָבֶּער וָואס מֵיינְט אִיר וִויא הַאלְט עֶר אִיר , וִויא אַפְּרָאסְטֶע אַגִיבָּארֶענֶע

דִינְסְט , אוּנ דֶער סוֹף װֶעט זַיין אַז עֶר װֶעט אִיר נָאךְ פֶּערְסַאמֶען אֵייךְ אַבִּי פָּטוּר װֶערִין פוּן לַייטִישֶׁע רֵייד ׳

דִיא הָאר הָאט זִיךְ מִיר גִישְׁטֶעלְט קַאפּוּיר הֶערֶענְדִיג דִיא װֶערְטֶער „װִיא הֵייסְט" ? הָאב אִיךְ זִיךְ אָפְּגִירוּפִין עֶס אִיז שׁוֹין גָאר קַיין מִשְׁפָּט נִיטָא אַף דֶער װֶעלְט פַּאר װָאס גִיט אִיר נִיט אָן אַפַּאפִּיר אַף דֶעם רוֹצֵחַ ?

נוּא אַדְרַבָּא זַייט אַבֶּרְיָה גִיט אָן אַפַּאפִּיר — הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער פָּאצְטֶער מִיט אַשְׁמֵייכִיל אָבֶּער הָאט אִיר עֶפֶּעס װָאס צוּ װַייזִין ? רֶבִּי חַיִיקִיל זָאגְט אַז דִיא גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה אִיז אַלִיגִין עֶר הָאט גָאר קַיין גֶעלְט נִיט גִינוּמֶען בַּא אִיר מַאטִין ׳

וְוִיא הֵייסְט עֶר זָאגְט ? דִי װֶעלְט שְׁלָאפְט דֶען ? מִי וֵיים דָאךְ מִסְתָּמָא דִיא אֶמֶתֶע מַעֲשֶׂה אַז עֶר הָאט יָא גֶענוּמֶען גֶעלְט , הָאבּ אִיךְ גִיפְרֶעגְט ׳

„אִיר זַייט נָאךְ אַיוּנְגֶע קִינְד אִיר וֵייסְט נָאךְ גָאר נִיט זַייט מִיר מוֹחֵל" הָאט דֶער פָּאצְטֶער גִיעֶנְטְפֶערְט אָן נֶעמֶענְדִיק מִיר בַּיים הַאנְד „הַיינְט אִיז דִיא גַאנְצֶע װֶעלְט אַפַּאלְשֶׁע" אוּנ דִיא בִּיסֶעלֶע עֶרְלַאכֶע צִיטֶערִין צוּא עֶפֶּענֶען אַמוֹיל ׳ ׳ ׳ ׳

עֶס אִיז דָאךְ אָבֶּער אַרַחֲמָנוּת אַף דֶער בְּלוֹרְנֶער שֶׁעפְּסֶעלֶע — הָאבּ אִיךְ גִיזָאגְט — נֶעמְט אִיר אַרוֹיס פוּן דֶעם רוֹצֵחַ׳ס שְׁטוּב מַאכְט אִיר חֲתוּנָה ׳

דָאס אִיז אֵייךְ אַיין אִינְגִילְשֶׁע עֵצָה — הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט דֶער פָּאצְטֶער — וְוִיא הֵייסְט מַאכִין אִיר חֲתוּנָה , װֶער וִויל דָאס הַיינְטִיגֶע צַייטִין נֶעמֶען אַמֵיידִיל אָן גֶעלְט אוּנ אָן קְלֵיידֶער ?

אִיךְ הָאבּ זִיךְ אַוַוייְלֶע פֶּערְטְרַאכְט נָאךְ דֶעם הָאבּ אִיךְ אָפּ גִירוּפִין דֶעם פָּאצְטֶער אָן אַזַייט אוּנ הָאבּ אִים גִיזָאגְט : אִיר זָאלְט וִויסִין אַז דִיא מֵיידִיל גִיפֶעלְט מִיר זֵייעֶר אוּנ אִיךְ וִויל חֲתוּנָה הָאבִּין מִיט אִיר ׳

דֶער פָּאצְטֶער הָאט אַשְׁפְּרוּנְג גִיטָאן אִין דֶער לוּפְטִין אוּנ אָן זַיין קוּק וָואס עֶר הָאט בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה אַף מִיר גִיגֶעבִּין הָאבּ אִיךְ פֶּערְשְׁטַאנֶען ׳ אַז עֶר קְלֶערְט בַּא זִיךְ צוּ בִּין אִיךְ קְלָאר אָדֶער מַאקִי מְשׁוּגֶע וִויא לַייט זָאגִין ׳

אִיר לַאכְט פוּן מִיר רֶבִּי קָרוֹב — הָאט עֶר צוּ מִיר גִיזָאגְט — גֶעפִּינְט אֵייךְ אִימֶעצִין אַנְדֶערְשׁ פוּן װֶעמֶען צוּ לַאכִין אוּנ חוֹזִיק צוּ מַאכִין ׳

אַף מַיין עֶרִין וָוארְט אַז אִיךְ מֵיין דָאס אָן קַאטָאװֶעס , הָאבּ אִיךְ גִיזָאגְט אַייעֶר פְּלֶעמֶענִיצֶע גִיפֶעלְט מִיר זֵייעֶר אוּנ אִיךְ וִויל מִיט אִיר חֲתוּנָה הָאבִּין ׳ נָאר דֶערְוַוייל זָאל זַיין דִיא זַאךְ בְּסוֹד קֵיינֶער זָאל חָלִילָה דֶער פוּן נִיט וִויסִין , אִיךְ הָאבּ אִין דֶעם אַטַעם ׳ ׳ ׳

## ווִיא קוּמְט־דִיא קַאטְץ אִיבֶּערְן וַואסֶער ?

וָואס פַאר אַטַייעָרֶע זַאךְ דִי לִיבֶּע אִיז ! זִיא פֶערְשַׁאפְט אוּנְז אַזֶעלְכֶע פֶערְגֶענִיגֶען אַזֶעלְכֶע טַייעָרֶע הָאפְנוּנְגֶען וָואס קַיין זַאךְ אִין דֶער וֶועלְט אִיז נִיט אִים שְׁטַאנְד צוּ גֶעבִּין דָאס אוּנְז , פוּן דֶער מִינוּט וָואס אִיךְ הָאבּ דֶער זֶעהֶען דִיא פְרַיילִין חַנָה , זַיינֶען בַּא מִיר אַוֶועק גִיגַאנְגֶען דִי טֶעג אִין נַחַת , אִיךְ הָאבּ זִיךְ שׁוֹין מִיט אִיר גוּט בִּיקַאנְט גִימַאכְט מִיר הָאבִּין זִיךְ אַלֶע טָאג גִיזֶעהֶען בַּא אִיר מוּמֶען אִין הוֹיז אוּנ וָואס אַטָאג וַוייטֶער אִיז זִיא מִיר גִיוָוארְן אַיין גִיבַּאקְן אִין הַארְצִין אוּנ אִיךְ הָאבּ פֶערְשְׁטַאנֶען אַז דִיא זֶעלְבִּיגֶע לִיבֶּע הָאט זִיךְ אָפְּגִירוּפִין בַּא אִיר אִין הַארְצִין אוֹיךְ , אִיךְ הָאבּ אִיר גִיבֶּעטִין זִיא זָאל בִּיטְרַאכְטִין מִיט אָפֶּענֶע אוֹיגִין אַלֶס וָואס עֶס וֶועט זִיךְ פַּאסִירִין בַּא רֶבִּי חַייקְלֶען אִין הוֹיז , אוּנ זִיא הָאט מַיין ווּנְשׁ רִיכְטִיג עֶרְפִילְט , נָאר פוּן דִיא אַלֶע זַאכִין וָואס זִיא הָאט מִיר דֶער צֵיילְט הָאבּ אִיךְ נָאךְ אַלֶס נִיט גִיקֶענְט אָנְחַאפִּין אַשְׁנִירֶעלֶע אַף אַרַיין צִיהֶען רֶבִּי חַייקְלֶען אִין נֶעטְץ ·

אֵיין מָאל זִיצִינְדִיק בַּא מַיין גוּטִין פְרַיינְד דֶעם דָאקְטָאר הִימֶעלְשַׁיין , אִיז אַרַיין גִילָאפִין אַיין יוּנְגֶע וַוייבִּיל מִיט אַבְּלֵייכִין פָּנִים אָנְגִיטָאן אִין לַאטֶעס אוּנ שְׁמַאטֶעס אוּנ מִיט אַקְלֶעגְלִיכֶע שְׁטִימֶע הָאט זִיא גִיבֶּעטִין דֶעם דָאקְטָאר עֶר זָאל מִיט אִיר גֵיין בִּיזוּכִין אִיר גִיפֶערְלִיךְ קְרַאנְקִין מַאן , דֶער דָאקְטָאר אִיז גְרַאדֶע גֶעקוּמֶען פוּן גַאס אַיין אָנְגִיהָארֶעוֶועטֶער דַארִיבֶּער הָאט עֶר קַיין חֵשֶׁק נִיט גִיהַאט גֵיין צוּ אִיר אַהֵיים ·

אִיךְ וֶועל אַייךְ נִיט אָפְּטְרֶעטִין רֶבִּי ! «הָאט דִי וַוייבִּיל גִיקְלָאגְט» אִיר מוּזְט מִיט מִיר גֵיין טָאמֶער וֶועט אִיר מִיר אוּם קֶערִין מַיין טַייעָרִין מַאן — אוֹי וֵויא אִיז צוּ מַיינֶע יוּנְגֶע יָארִין וָואס פַאר אַדוּנֶער מִיךְ הָאט אַיין גִישְׁלָאגְן אַף רָבִּי חַייקִיל טֶעמֶעס וַוייבּ גִיזָאגְט גִיוָוארִין הַארְצִיגֶער גָאט !

דֶער הֶערֶענְדִיג דֶעם נָאמֶען רֶבִּי חַייקִיל טֶעמֶעס בִּין אִיךְ צוּ גִיגַאנְגֶען צוּא דִיא וַוייבִּיל אוּנ הָאבּ אִיר גִיפְרֶעגְט פַאר וָואס שִׁילְט זִיא אַזַא טַייעָרִין אִידִין וָואס גָאט אוּנ לַייט בֶּענְטְשִׁין זִיךְ מִיט אִים ·

אַי רֶבִּי קְרוֹב פְרֶעגְט מִיר גָאר נִיט אַף מַיינֶע צָרוֹת — הָאט דִי וַוייבִּיל גִיעֶנְטְפֶערְט — דֶר מָאנְט נִיט חַייקִילְס טְרֵייפֶענֶעם נָאמֶען דֶער מָאנְט בֶּעסֶער אַף זַיין אָרְט אַהוּנְט אַשְׁרֶץ אַיאַשְׁצֶערְקֶע ,

גֵיין אִיר מוּזְט מִיר זָאגִין וָואס הָאט עֶר אַייךְ גִיטָאן — הָאבּ אִיךְ גִיזָאגְט — אוֹיבּ אִיר וֶועט מִיר ·נִיט דֶער צֵיילִין וֶועל אִיךְ נִיט לָאזִין דֶעם דָאקְטָאר גֵיין צוּ אַייעָר מַאן ·

אַז איר זַייט אַזאַ אַיינְגֶעשְׁפַּארְטֶער יוּנְגֶער מַאן מוּז אִיךְ אַייךְ אִין קוּרְצֶע וָוערְטֶער אַלֶם דֶער צֵיילִין · מַיין מַאן אִיז אַמֶעקְלֶער פוּן גֶעלְט גַאנְץ שְׁטָאט קֶען אִים אַז עֶר אִיז אַיין אָרִינְטְלִיכֶער מַאן , עֶר פַאר לַאנְגְט חָלִילָה קַיין פְּרֶעמְדִין גְרָאשִׁין נִיט , מִי הָאט אַף אִים שְׁטֶענְדִיג גֶעטְרוֹיט טוֹיזֶענְדֶער , עֶר אִיז פָּשׁוּט בַּא אַלֶע פְּרִיצִים דִיא אויג , הַיינְטִיגֶע וָואךְ שִׁיקְט אִים רֶבִּי חַייקִיל טֶעמֶעס רוּפִין אוּנ זָאגְט אִים אַז עֶר דַארְף אַף עֶטְלִיכֶע טֶעג פִּינְף טוֹיזֶענְד קֶערְבְּלַאךְ , מַיין מַאן אִיז בַּאלְד אַוֶועק גִילָאפִין צוּ אַבִּיקַאנְטִין פְּרִיץ אוּנ הָאט גִינוּמֶן פִּינְף טוֹיזִינְד רוּבִּיל , עֶר הָאט זַייא גֶעבְּרַאכְט רֶבִּי חַייקְלֶן , רֶבִּי חַייקֶעלֶע הָאט זַייא צוּ גִינוּמֶען אוּנ הָאט אִים גִיהֵייסִין קוּמֶען שְׁפֶּעטֶער נָאךְ אַצֶעטִיל , מַיין מַאן זָאל גִיזוּנְד זַיין הָאט אַף קַיין אַייבֶּער חָכְמוֹת נִיט גִיקְלֶערְט דַארִיבֶּער אִיז עֶר זִיךְ אַוֶועק גִיגַאנְגֶען גַאנְץ רוּהִיג , אִין עֶטְלִיכֶע שָׁעָה אַרוּם אִיז עֶר גִיקוּמֶען צוּא רֶבִּי חַייקְלֶען נָאךְ אַצֶעטִיל דֶערְוַוייל שְׁט עֶר אִים אִין דֶער הֵיים נִיט אוּנ זַיין וַוייבּ עֶלְקֶעלֶע הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט אַז אִיר מַאן הָאט גִידַארְפְט פְּלוּצְלוּנְג אַוֶועק פָארִין , דְרוּם הָאט עֶר זִיךְ גָאר פַאר גֶעסִין אַז עֶר דַארְף אִים גֶעבִּין אַצֶעטִיל , מַיין מַאן הָאט דָאס זַייעֶר נִיט גִישְׁמֶעקְט דֶען דֶער פָּארִיץ הָאט אִים גֶערִיסִין דִיא הוֹיט אַצֶעטִיל אַף זַיינֶע גֶעלְט , נָאר פוּן דֶעסְט וֶועגִין אִיז נָאךְ גִיוֶוען צוּא דֶער לַיידִין דֶען עֶר הָאט דֶעם פּארִיץ דֶער צֵיילְט דִיא מַעֲשֶׂה אוּנ הָאט אִים גִיבֶּעטִין עֶר זָאל וַוארְטִין אַפָּאר טֶעג , אוּנ כְּדֵי צוּ אִיסְפָּאקָאיֶען אִים הָאט עֶר אִים אַרוֹיס גִיגֶעבִּין פוּן זִיךְ אַצֶעטִיל אַף פִּינְף טוֹיזֶענְד רוּבִּיל , מִיר הָאבִּין דֶער לֶעבְּט דִיא מִינוּט רֶבִּי חַייקִיל זָאל קוּמֶען , אוּנ שְׁטֶעלְט אַייךְ פָאר יוּנְגֶער מַאן אוּנְזֶער שְׁרֶעק אַז רֶבִּי חַייקִיל הָאט אָנְגִיקוּקְט מַיין מַאן מִיט פֶערְווּנְדֶערוּנְג , אוּנ הָאט אִים גִיפְרֶעגְט וָואס פַאר אַפִּינְף טוֹיזֶענְט קֶערְבְּלַאךְ מָאנְט עֶר בַּא אִים ? מַיין מַאן הָאט גִילַארִימְט , גֶעשְׁרִיעֶן , גִיקְלָאגְט , זִיךְ דִיא הָאר גֶערִיסִין , אָבֶּער דָאס הָאט גָאר נִיט גִיהָאלְפִין , רֶבִּי חַייקִיל הָאט אִים אָנְגִינוּמֶען פַארִין קַארְק אוּנ הָאט אִים אַרוֹיס גִיטְרִיבִּין פוּן זַיין שְׁטוּבּ · אִין קוּרְצִין גִירֶעט ; דֶער פְּרִיץ הָאט אָפּ גִינוּמֶען בַּא אוּנְז דִיא שְׁטוּבּ מִיט אַלֶם וָואס מִיר הָאבִּין פַאר מָאגְט , אוּנ הָאט אוּנְז אָפְּגִישְׁטֶעלְט אַזוֹא וִויא דִיא מַאמֶע הָאט אוּנְז גִיהַאט , מִיר הָאבִּין זִיךְ מִיט אוּנְזֶערֶע 4 פִּיצְלַאךְ קִינְדֶער גֶעוַואלְגֶערְט אַגַאנְצִין טָאג אַפִּין גַאס נַאקֶעטֶע אוּנ הוּנְגֶערִיגֶע בִּיז מַיינֶער אַפֶּעטֶער הָאט אַף אוּנְז רַחֲמָנוּת גִיהַאט אוּנ הָאט אוּנְז אַרַיין גִילָאזִין צוּ זִיךְ אִין אַצִימֶער · מַיין מַאן אִיז פוּן הַארְצְהֵייטָאק קְרַאנְק גִיוָוארִין אוּנ שׁוֹין צְווייטֶער טָאג אַז עֶר לִיגְט אִין בֶּעט

נור איצט אַקְלָאג איז צו מִיר , אִיךְ הָאבּ מוֹרָא אַז אִיךְ דַארְף זִיךְ מִיט אִים זֶעגֶענֶען ער הַאלְט זֵייעֶר שְׁלֶעכְט , הָאט רַחֲמָנוּת הֶער דָאקְטָאר אונ קוּמְט מִיט מִיר טָאמֶער וֶועט אִיר עֶפֶּעס הֶעלְפִין :

דִיא וַוייבִּיל הָאט מִיךְ מִיט דֶעם דָאקְטָאר אַזוֹא גֶערִירְט מִיט אִירֶע וֶוערְטֶער אַז טְרֶערִין הָאט זִיךְ בַּא אוּנְז בֵּיידִין צוּ גְלַייךְ גֶעוִויזִין אִין דִי אוֹיגִן דֶער דָאקְטָאר הָאט זִיךְ גֶעשְׁווינְד אָן גִיטָאן אוּנ אִיז מִיט אִיר אַוֶועק גִיגַאנְגֶען אוּנ אִיךְ בִּין גֶעבְּלִיבִּין אַלֵיין פֶּערְטִיפְט אִין מַיינֶע גֶעדַאנְקֶען ·

אַלַאנְגֶע צַייט הָאבּ אִיךְ גִיקְלֶערְט אוּנ גִיקְלֶערְט , פְּלוּצְלוּנְג אִיז מִיר אָרַיין גֶעפַאלִין אִין מוֹחַ אַגֶעדַאנְקֶען אַז אִיךְ בִּין פָּשׁוּט אוּיסֶער זִיךְ גִיוָוארְן פַאר פְרֵייד , אִיךְ בִּין אַרוּם גִילָאפִין הִין אוּנ הֶער וִויא אַצוּמִישְׁטֶער אַלֶע מִינוּט בִּין אִיךְ צוּ גִילָאפִין צוּם פֶּענְסְטֶער זֶעהֶען אוֹיבּ דֶער דָאקְטָאר גֵייט שׁוֹין נִיט אַהֵיים יֶעדֶער סֶעקוּנְדֶע הָאט זִיךְ בַּא מִיר וִויא אַיָאר אוּיס גִיצֵייגִין , נַאקְהַאנֶעץ אִיז דֶער דָאקְטָאר גִיקוּמֶען , אִיךְ הָאבּ אַשְׁפְּרוּנְג גִיטָאן אַנְטְקֶעגִין אִים אוּנ הָאבּ גִיפְרֶעגְט : וָואס מַאכְט דֶער חוֹלֶה ·

ער וֶועט זַיין גֶעזוּנְד , הָאט דֶער דָאקְטָאר גִיעֶנְטְפֶערְט ·

אִיךְ בִּין גְלִיקְלִיךְ ! הָאבּ אִיךְ אַגֶעשְׁרֵייא גִיטָאן פַאלִינְדִיג דֶעם דָאקְטָאר אַפִין הַאלְז ·

וִויא הֵייסְט דוּא בִּיזְט גְלִיקְלִיךְ ? הָאט הִימֶעלְשַׁיין גִיפְרֶעגְט פֶערְוואוּנְדֶערְט ·

רֶבִּי חַייקִיל לִיגְט שׁוֹין אִין גֶעטְץ · עֶר וֶועט אוּמְקֶערִין דֶעם אָרִימֶען מֶעקְלֶער זַיינֶע גֶעלְט מִיט פְּרִיצֶענְט אוּנ מַיין כַּלָה וֶועט פָּאלוּצֶען פִינְף מָאל אַזוֹא פִיעֶל וִויפִיל אִיר פָאטֶער הָאט אִיר גִילָאזִין הַיינְטִיגֶע וָואךְ וֶוערְט אַסוֹף צוּוא אַלֶם ·

אִיךְ פֶערְשְׁטֵייא נִיט דַיינֶע וֶוערְטֶער הָאט דֶער דָאקְטָאר גִיזָאגְט אוּנ הָאט מִיךְ אָנְגִיקוּקְט מִיט גְרוֹיסֶע אוֹיגֶען · וָואס אִיז עֶפֶּעס פְּלוּצְלִינְג אַזַא גְדוֹלָה · וִויא הֵייסְט רֶבִּי חַייקִיל וֶועט אוּמְקֶערִין וָואס עֶר הָאט גִינוּמֶען וִויא קוּמְט דִיא קַאטְץ אִיבֶּערִין וַואסֶער ? · · ·

## בָּרוּךְ דַיַין הָאֱמֶת

דֶער פְּרָאיֶעקְט מַיינֶער אִיז גִיוֶועִן דָאס : אִיךְ הָאבּ דֶעם דָאקְטָאר גִיבֶּעטִין אַז עֶר זָאל דְרַייא מָאל אִין טָאג גֵיין גִיוָואר וֶוערִין צוּ שְׁמִילִיק דֶעם מֶעקְלֶער — עֶר זָאל זִיךְ מִיט אַלֶע קְרֶעפְטִין שְׁטַארִין גֶעזוּנְד מַאכִין אִים ,

אוּן עֶר זָאל פַאר אַלֶעמֶען זָאגִין אַז עֶס אִיז קַיין שׁוּם רְפוּאָה נִיטָא צוּ זַיין חַאלַאַת דֶען דִיא גַאל הָאט בַּא אִים גִיפְּלַאצְט פוּן צָרוֹת , אוּן אַז עֶר וֶועט שׁוֹין רֶעכְט גֶעזוּנְד וֶוערְן זָאל מֶען אַרוֹיס גֶעבְּן אַקְלַאנְג אַז עֶר אִיז גִישְׁטָארְבְּן , עֶטְלִיכֶע סֶעקְרֶעטְנֶע מֶענְטְשִׁין זָאלִין אִים טְרָאגִין אַף אַמִטָּה אַפִּין בֵּית עוֹלָם וִויא גִיהֶערִיג אִיז , אוּן נָאךְ דֶעם זָאל זִיךְ דֶער טוֹיטֶער נוֹקֵם זַיין אָן רֶבִּי חַייקִיל טֶעמֶעם כְּדִין וְכַהֲלָכָה · · ·

דֶעם דָאקְטָאר אִיז מַיין פְּלַאן זֵייעֶר גִיפֶעלִין גִיוָוארִין אוּן עֶר הָאט זִיךְ אוּנְטֶער גִינוּמֶען שְׁפִּילִין זַיין רָאלֶע וִויא אַגוּטֶער אַקְטְיָאר · אִין עֶטְלִיכֶע טֶעג אִיז טַאקִי אַרוֹיס אַקְלַאנְג אִין שְׁטָאט אַז שְׁמִילִיק דֶער מֶעקְלֶער שְׁטַארְבְּט אַוֶועק וַוייל דִיא גַאל אִיז אִים צוּ פוֹילְט גִיוָוארִין . וִויא גֶעוֶוינְלִיךְ הָאבִּין אִים אַלֶע שְׁטָאטְלַייט בֶּעדוֹיעֶרְט דֶען אִידִין זַיינֶען רַחֲמָנִים בְּנֵי רַחֲמָנִים אַז זֵייא זֶעהֶען אַז דֶער חַלָף הָאט שׁוֹין אִיבֶּער גֶעשְׁנִיטִין דִיא הַאלְז דֶער וֶועקְט זִיךְ אִין זֵייא מִיטְלַייד אוּן מִי הֵייבְּט אָן צוּ דֶער צֵיילִין זַיינֶע שְׁבָחִים , אַפִּין פִינְפְטִין טָאג אִיז שׁוֹין אַרוֹיס אַקוֹל אַז שְׁמִילִיק דֶער מֶעקְלֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבְּן בַּאלְד זַיינֶען גֶעקוּמֶען עֶטְלִיכֶע חֶבְרָה לַייט , וָואס פַאר דֶער מַטְבֵּעַ הָאבִּין זֵייא זִיךְ סָאגְלַאסֶעט שְׁפִּילִין אַפַלְשֶׁע רָאלֶע , מִי הָאט מְסַתְּמָא אִים גִיטָאן זַיין רֶעכְט אוּן עֶס אִיז גִיוֶוען אַלְוָיָה , מַיין חַנָה הָאט גֶעווּאוּסְט פוּן דֶער גַאנְצֶער מַעֲשֶׂה דוּרְךְ אִיר הָאבּ אִיךְ אָנְגִיזָאגְט אַסַךְ זַאכִין רֶבִּי חַייקְלֶען : אַז שְׁמִילִיק הָאט פַארִין טוֹיט גִיזָאגְט אַז עֶר מוּז נָאךְ זַיין טוֹיט אַדִין תּוֹרָה הָאבְּן מִיט אַגֶעוִויסִין מֶענְטְשִׁין — אַז עֶר הָאט גֶעוֶויינְט מִיט בִּיטֶערֶע טְרֶערִין אֵיידֶער דִיא כְּשֵׁרָה נְשָׁמָה אִיז פוּן אִים אַרוֹיס , אוּן בֶּענְטְשִׁינְדִיק זַיין וַוייבּ מִיט זַיינֶע קִינְדֶער הָאט עֶר זֵייא צוּ גִיזָאגְט אַז עֶר וֶועט נִיט רוּעֶן אַף יֶענֶעם עוֹלָם בִּיז עֶר וֶועט דֶערְגֵיין זַיין קְרִיוְודֶע · · · אוּן אִיצְט אַז עֶס הָאט גִידַארְפְט זַיין דִיא לְוָיָה הָאבּ אִיךְ אוֹיס גִימֶערְקִירְט דוּרְךְ חַנֶען דִיא צַייט וָואס רֶבִּי חַייקִיל טֶעמֶעם אִיז גִיזֶעסִין בַּא זִיךְ אִין שְׁטוּבּ , אוּן הָאבּ גִיהֵייסִין טְרָאגִין דֶעם מֵת פַאר בַּייא זַיין הוֹיז , אִיךְ וֵויים נִיט רִיכְטִיג דִי אוּרְזַאכֶע פַאר וָואס רֶבִּי חַייקִיל הָאט זִיךְ בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה בַּאהַאלְטִין אִין זַיין שְׁלָאף צִימֶער , נָאר אַזוֹא אִיז גִיוֶוען עֶר הָאט זִיךְ בֶּעהַאלְטִין אוּן אִיךְ הָאבּ אוּנְטֶער גִישְׁטֶעלְט אַחֶבְרָה מַאן מִי זָאל אֲרַיין גֵיין רוּפִין אִים צוּ מֵת מִצְוָה , אוּן חָאטְשׁ מִי הָאט אִים נִיט גִיוָואלְט אֲרַיין לָאזִין אִין רֶבִּי חַייקִילְס צִימֶער פוּן דֶעסְט וֶועגִין הָאט עֶר זִיךְ פָּארְט אֲרַיין גִישְׁפַּארְט אוּן הָאט גִיפוּנֶען רֶבִּי חַייקְלֶען שְׁלָאפִינְדִיג זֵייעֶר שְׁטַארְק , דֶער חֶבְרָה מַאן זָאגְט אֲפִילוּ אַז עֶר הָאט פַאר שְׁטַאנֶען אַז

דָאס אִיז גְוָוען אַגִימַאכְטֶער שְׁלָאף, נָאר וְויא דִי מַעֲשֶׂה אִיז עָר הָאט אִים אוּפְגִיוֶועקְט אוּנ הָאט גִיזָאגְט גָאט אִיז מִיט אַייךְ רֶבִּי חַייִקִיל מִי פִירְט אַלְוָיָה פַאר בַּייא אַייעֶר שְׁטוּב אוּנ אִיר גֵייט נִיט צוּ הַלְוָיַת הַמֵת ?

הַא ? הַא הָאט רֶבִּי חַייקִיל גִיזָאגְט רַייבִּינְדִיק זִיךְ דִיא אוֹיגִין, הַא ? וָוער אִיז גִישְׁטָארְבִּין ?

אִיר וֵוייסְט נִיט וָוער ? גָאט אִיז מִיט אַייךְ רֶבִּי שְׁמִילִיק דֶער מֶעקְלֶער אִיז דָאךְ גִישְׁטָארְבִּין דֶער דָאקְטָאר זָאגְט אַז דִיא גַאל הָאט נֶעבַּאךְ בַּא אִים גִיפְּלַאצְט ׳

שְׁמִילִיק דֶער מֶעקְלֶער אִיז גֶעשְׁטָארְבִּין ? הָאט גִיזָאגְט רֶבִּי חַייקִיל וַואשִׁינְדִיק דִי הֶענְט — אַרַחֲמָנוּת נֶעבַּאךְ אַף אִים בָּרוּךְ דַיָן הָאֱמֶת !

אוּנ נִיט וְוילִינְדִיג אִיז עָר אַרוֹיס גִיגַאנְגֶען אוּנ אִיז נָאךְ גִיגַאנְגֶען אַהִיפְּשֶׁע שְׁטִיק וֶועג נָאךְ דֶר מִטָה, אוּנ הָאט זִיךְ טַאקִי בַּאלְד אוּם גִיקֶערְט אַהֵיים ׳

## אַבֵּייזֶע מוֹרָא.

דִי לְוָיָה אִיז גִיוָוען אִין דֶער פְרִיא זֵייגֶער 10 אוּנ בַּייא נָאכְט זֵייגֶער 12 זַייגֶען גִיגַאנְגֶען צְוֵוייא מֶענְטְשִׁין צוּ דֶער תַּלְמוּד תּוֹרֶה דָאס זַיינֶען גִיוָוען, שְׁמִילִיק דֶער מֶעקְלֶער אוּנ אִיךְ זִינְדִיגֶער מֶענְטְשׁ ׳

אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה זַיינֶען גִיזֶעסִין צְוֵוייא יְשִׁיבָה בָּחוּרִים אַף אַמִשְׁמָר אוּנ הָאבִּין גֶעשְׁפִּילְט אִין קָארְטִין פַאר אַגְרוֹיסֶע יָארְצַייט לִיכְט, אִיךְ הָאבּ גִיהֵייסִין שְׁמִילִיקִין אַקְלַאפּ טָאן אִין טִיר, עָר הָאט מִיךְ גִיפָאלְגְט דִיא צְוֵוייא מִשְׁמוֹרִינִיקֶעס הָאבִּין גֶעשְׁווינְד בַּאהַאלְטִין דִיא קָארְטִין אוּנ הָאבִּין זִיךְ אַיין גִיהֶערְט וְויא מִי קְלַאפְּט, שְׁמִילִיק הָאט גִיגֶעבִּין אַקְלַאפּ נָאךְ אַקְלַאפּ דִיא יְשִׁיבָה בָּחוּרִים זַיינֶען צוּא גִיגַאנְגֶען מִיט דֶער לִיכְט צוּם טִיר אוּנ הָאבִּין גִיפְרֶעגְט וֶוער אִיז דָאס ?

עֶפִינְט אוּיף קִינְדֶערְלַאךְ ! — הָאט שְׁמִילִיק גִיזָאגְט מִיט אַקְלָאגֶעדִיגֶען אַמֶעשׁוּגֶעדִיגִין קוֹל — אִיךְ זוּךְ דָא רֶבִּי חַייקִיל טֶעמֶעם ׳

דִיא יְשִׁיבָה בָּחוּרִים הָאבִּין זִיךְ זֵייעֶר דֶער שְׁרָאקִין פַאר דֶעם קוֹל אוּנ זַיינֶען אַוֵוייֶלֶע גִישְׁטַאנֶען שְׁטוּם וְויא דִי וַואנְד, «עֶפִינְט אוּיף קִינְדֶערְלַאךְ» ! הָאט שְׁמִילִיק וַוייטֶער גִיזָאגְט מִיט זַיין שְׁטִים עֶפִינְט מִיר אוּיף, מִיר אִיז זֵייעֶר קַאלְט אִיךְ וְויל אַרַיין צוּ רֶבִּי חַייקִיל טֶעמֶעם ׳

רֶבִּי חַייקִיל וואוּנְט דָא נִיט ! הָאט זִיךְ אַסְמֶעלִיוֶועט אַייגֶער צוּא עֶנְטְפֶערִין אוּיבּ אִיר דַארְפְט אִים הָאבִּין גֵייט צוּ אִים אַהֵיים ׳

גְוואַלְד הָאט רַחֲמָנוּת עָפּינְט, מִיר אִיז קַאלְט — הָאט שְׁמִילִיק וַוייטֶער גֶעקְלָאגְט — עָפִּינְט קִינְדֶערְלַאךְ אִיךְ וִויל אֲרַיין צוּ חַייקִיל טֶעמָעס ׃

דָאס מוּז זַיין דֶער מְשׁוּגֶענֶער אִיר וָואס שְׁלָאפְט אַף דֶער וַוייבֶּערְשֶׁער שׁוּל — הָאט גִיזָאגְט אֵיינֶער פוּן דִיא יְשִׁיבָה בָּחוּרִים מִיט שְׁרֶעק —

אִיךְ בִּין נִיט קַיין מְשׁוּגָענֶער עָפִּינְט הָאט רַחֲמָנוּת! הָאט זִיךְ גִיבֶּעטִין שְׁמִילִיק ׃

וָוער בִּיזְט דוּא? הָאבִּין בֵּיידֶע מִשְׁמוּרֶענִיקֶעס גִיפְרֶעגְט ׃

אִיר קֶענְט מִיךְ נִיט? הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט שְׁמִילִיק מִיט אַזַא קוֹל אַז אִיךְ הָאבּ זִיךְ דֶער שְׁרָאקִין אִיךְ בִּין דָאךְ שְׁמִילִיק דֶער מֶעקְלֶער, מִי הָאט מִיךְ אַרַיין גִילֵייגְט אִין אַקַאלְטִין קֶבֶר מִיר אִיז זֵייעֶר קַאלְט.

קוֹים הָאט עֶר אוֹים גִירֶעט דִיא וָוערְטֶער, זַיינֶען דִיא צְוֵוייא יְשִׁיבָה בָּחוּרִים אַרַיין גִישְׁפְּרוּנְגֶען אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה נִיט טוֹיט נִיט לֶעבֶּעדִיג אוּנ הָאבִּין זִיךְ בַּאהַאלְטִין אוּנְטֶערִין אֵייוִוין ׃

פוּן תַּלְמוּד תּוֹרָה זַיינֶען מִיר אַוֶועק גִיגַאנְגֶען צוּ דֶעם קָהָלְסִין שַׁמָשׁ, עֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין אוּמְגִיקֶערְט גֶעוֶוים אַף דֶעם 10 טִין זַייט דֶען אִין אָנְהֵייבּ נָאוֶוענְט אִיז גִיוֶועזֶן אַיין אֲסִיפָה וֶועגִין נַאבָּאר אוּנ מִי הָאט גִיטְרוּנְקֶען אָן רַחֲמָנוּת גַאנְץ אַלְטֶע שְׁפִּירֶעט, דָא הָאט שְׁמִילִיק. אַרָאפּ גִיוָוארְפִין פוּן זִיךְ זַיין אֵייבֶּערְשְׁטִין פְּלַאשְׁץ אוּנ הָאט זִיךְ אָפְּגִישְׁטֶעלְט אִין שְׁנֵייוַוייסֶע תַּכְרִיכִים, עֶר הָאט גִיגֶעבִּין אַשְׁטַארְקִין קְלַאפּ אוּנ דֶער שַׁמָשׁ אִיז אַרָאפּ גִישְׁפְּרוּנְגֶען פוּן בֶּעט מִיט אִימְפֶּעט אִיז עֶר צוּ גִילָאפִין צוּם טִיר אוּנ הָאט זִיא גִיעָפִינְט, אוּנ וִויא דֶערְשְׁרָאקִין אִיז עֶר גִיוָוארִין אַז עֶר הָאט דֶער זֶעהֶען פַאר דֶעם שַׁיין פוּן דֶעם מָאנְד אַטֵייטִין מֶענְטְשִׁין אִין תַּכְרִיכִים, עֶר הָאט גֶערִיבִּין אַמִינוּט דִי אוֹיגִין וַוייל עֶר הָאט גִיקְלֶערְט טָאמֶער גִיט זַאךְ אִים דָאס אוֹים, נָאר שְׁמִילִיק הָאט שׁוֹין גִיהַאלְטִין אָפִין דֶעם מוֹיל אוּנ הָאט גִיזָאגְט, חַיִים דוּא זָאלְסְט מִיר גַיין דִיא מִינוּט מַתְּרֶה זַיין רֶבִּי חַייקִיל טֶעמָעס צוּא אַדִין תּוֹרָה פַאר בֵּית דִין שֶׁל מַעְלָה ׃

הוּא אֱלֹהִים! שְׁמַע יִשְׂרָאֵל! הָאט חַיִים גִישֶׁעפְּצֶעט שְׁטִילֶער הֵייט אוּנ הָאט זִיךְ פוּן שְׁרֶעק נִיט גִיקֶענְט רִירְן פוּן אָרְט — וָוער בִּיזְט דוּא אַטֵייטֶער?

דוּא קֶענְסְט מִיךְ נִיט חַיִים? הָאט גִיזָאגְט שְׁמִילִיק מִיט זַיין זִיסִין קוֹל — אִיךְ בִּין דָאךְ שְׁמִילִיק דֶער מֶעקְלֶער, גֵייא אוּנ זַייא מַתְּרֶה רֶבִּי חַייקִיל טֶעמָעס צוּ אַדִין תּוֹרָה פַאר בֵּית דִין שֶׁל מַעְלָה ׃

שְׁמִילִיק דֶער מֶעקְלֶער ? הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן דֶער שַׁמָש חַאפִּינְדִיק זִיךְ פַּאר דִיא הָאר גֵייא אִין דַיין רוּא אַרַיין !

אִיךְ וֶועל נִיט גֵיין בִּיז דוּא וֶועסְט מִיךְ נִיט פָאלְגִין – הָאט אַגִישְׁרַייא גִיטָאן שְׁמִילִיק מִיט כַּעַס , גֵייא אִין דֶער מִינוּט אוּנ זַייא מַתְרֶה רֶבִּי חַייקְלֶען צוּ דִין תּוֹרָה אֵייבּ נִיט וֶועל אִיךְ דִיךְ דֶער שְׁטִיקִין ׃

אִיךְ גֵייא ! אִיךְ גֵייא ! הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט חַיִים אוּנ הָאט אָנְגִיהֵייבִּין צוּ לֵייפִין וִויא אַמִישוּגֶענֶער צוּ רֶבִּי חַייקִיל טֶעמֶעס ׃

אַף מָארְגִין אִיז גִיפַאלִין אַבֵּייזֶע מוֹרָא אַף אַלֶע שְׁטָאט לַייט , יֶעדֶערֶער הָאט דֶער צֵיילְט פוּן שְׁמִילִיק דֶעם מֶעקְלֶער וִויא עֶר אִיז גִיוֶוען אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה אוּנ וִויא עֶר הָאט אוֹפְגִיוֶועקְט דֶעם שַׁמָש פוּן שְׁלָאף אוּנ הָאט אִים גִישִׁיקְט מַתְרֶה זַיין רֶבִּי חַייקְלֶען צוּ אַדִין תּוֹרָה ׃

## עֶר אִיז אוּים מֶענְטְשׁ

מַיין חַיָה הָאט מִיר אַף מָארְגִין דֶער צֵיילְט בַּא דֶעם פָאצְטֶער וָואס עֶס הָאט זִיךְ גִיטָאן בַּא הַייקִיל מֶעמֶעס אִין שְׁטוּבּ בְּשַׁעַת דֶער שַׁמָש אִיז גֶעקוּמֶען צוּ לֵייפִין אָן אַנְשָׁמָה אוּנ הָאט אִים אִיבֶּער — גִיגֶעבִּין שְׁמִילִיק דֶעם מֶעקְלֶערְס וֶוערְטֶער , אַזוֹא אִיז גִיוֶוען ׃ חַייקִיל הָאט זִיךְ נָאר וָואס גִילֵייגְט שְׁלָאפִין , נָאר אֵיידֶער עֶר הָאט גִיהַאפְּט אַדְרֶעמִיל טָאן אִיז גִיוָוארִין אַקְלַאפֶּערַייא אִין טִיר אַלֶע זַיינֶען אוֹפְגִישְׁפְּרוּנְגֶען פוּן דִיא בֶּעטִין אוּנ זַיינֶען גִיוָוארִין אוֹיסֶער זִיךְ הֶערִינְדִיק חַיִים דֶעם שַׁמָשְׁס שְׁטִימֶע , מִי הָאט גִיעֶפִינְט דִיא טִיר אוּנ חַיִים אִיז אַרַיין גִיגַאנְגֶען טוֹיט וִויא אַלֶע טֵייטֶע אוּנ הָאט דֶער צֵיילְט וִויא שְׁמִילִיק דֶער מֶעקְלֶער אִיז אוֹפְגֶעשְׁטַאנֶען פוּן קֶבֶר אוּנ הָאט אִים אוֹפְגֶערִיסִין פוּן שְׁלָאף עֶר זָאל גֵיין מַתְרֶה זַיין רֶבִּי חַייקְלֶען צוּא אַדִין תּוֹרָה , רֶבִּי חַייקִיל הָאט אָנְגִיהֵייבִּין צוּ שְׁרַייעֶן אַפִין שַׁמָש אוּנ הָאט גִיזָאגְט אַז עֶר אִיז שִׁכּוֹר אָדֶער עֶס הָאט זִיךְ אִים עֶפֶּעס נִיכוּזְט חָאלֶעמֶען ׃ אָבֶער חַיִים הָאט גִישְׁוָוארִין מִיט אַלֶע שְׁבוּעוֹת אַז זַיינֶע אֵייגִין הָאבִּין גִיזֶעהֶען שְׁמִילִיק דֶעם מֶעקְלֶער אַגִישְׁטָארְבֶּענֶעם אִין תַּכְרִיכִים אוּנ זַיינֶע אוֹיעֶרִין הָאבִּין גִיהֶערְט וִויא עֶר הָאט גִירֶעט , רֶבִּי חַייקִיל אִיז אֲפִילוּ גִיוָוארִין אַבִּיסִיל צוּ מִישְׁט פוּן דֶעסְט וֶועגִין הָאט עֶר זִיךְ גִימַאכְט אַהַארְץ פוּן זַקְאזַאק אוּנ הָאט גִיזָאגְט דָאס זַיינִיגֶע אַז נָאר חַיִים אִיז שִׁכּוֹר , אָדֶער מְשׁוּגָע , אוּנ מִיט כַּעַס הָאט עֶר אִים אַרוֹיס גִיאָגְט פוּן שְׁטוּבּ , עֶלְקֶעלֶען הָאט שׁוֹין קֵיין שְׁלָאף נִיט גֶענוּמֶען זִיא הָאט גִיהֵייסִין מַיין כַּלָה אַגַאנְצֶע נַאכְט זִיצִין לֶעבִּין

אִיר כְּדֵי עֶס זָאל אִיר זַיין פְרֵיילַאכֶער אָבֶּער חַנָה הָאט אִיר גִינוּמֶען דֶער צֵיילִין מַעֲשִׂיוֹת פוּן שֵׁדִים אוּנ טֵייטָע אַז דִיא הָאר הָאט זִיךְ אִיר גִישְׁטָעלְט קַאפּוּיעֶר, אוּנ רֶבִּי חַיִיקִיל חָאטְשׁ עֶר הָאט זִיךְ גִימַאכְט אַז עֶר הָאט גָאר נִיט מוֹרָא פוּן דֶעסְט וֶועגְן הָאט מֶען גִיקֶענְט פַאר שְׁטֵיין אַז אִים הָאט שְׁטַארְק גֶעוִוירְקְט חַיִיכְם ווֶערְטֶער דֶען אַגַאנְצֶע נַאכְט הָאט עֶר גִילָאזְט בְּרֶענֶען פַייעֶר בַּא זִיךְ אִין חֶדֶר אוּנ אִיז אַלֶע ווַיילֶע אַרַיין צוּ דִי ווַייבּ אִין צִימֶער גֶיעֶבֶּע טָא מִיט אַיין אוֹיס רֵייד, זֵייא הָאבִּין בֵּיידֶע עֶר מִיט דִיא ווַייבּ קַאם דֶער לֶעבְּט טָאג ׃

אִיךְ הָאבּ מִיר אִין הַארְצִין גִיקְוָואלִין זֶועהֶענְדִיג אַז עֶס גֵייט בָּ״ה אַלֶם אַף אַלַאד, אַגַאנְצִין טָאג אִיז שְׁמִילִיק דֶער מֶעקְלֶער גִיזֶעסִין בַּא דֶעם דָאקְטָאר אִין הוֹיז אוּנ מִיר הָאבִּין אִים גִילֶערְנְט וְוִי צוּ בַּאגֵיין זִיךְ ווַייטֶער מִיט רֶבִּי חַיִיקְלֶען ׃

דִי אַנְדֶערֶע נַאכְט בִּין אִיךְ ווַייטֶר גִיגַאנְגֶען מִיט שְׁמִילִיקֶן שְׁפַּאצִירִן, דִי נַאכְט הָאבִּן מִיר גִימַאכְט אַבַּזוּךְ רֶבִּי חַיִיקִיל טֶעמֶעס פֶּענְצְטֶער, דֶר זֵייגֶער אִיז גִיוֶוען פוּנְקְט 12 בַּא חַיִיקְלֶען אִין צִימֶער אִיז גִיוֶוען פִינְסְטֶער, שְׁמִילִיק הָאט גִיגֶעבִּין אַקְלַאפּ בַּא אִים אִין לָאדִין אוּנ אִין דֶער מִינוּט הָאט זִיךְ גִיהֶערְט חַיִיקִילְס קֶעלְכִיל וֶוער אִיז דָא ?

דָאס בִּין אִיךְ שְׁמִילִיק דֶר מֶעקְלֶער — הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט מַיין טֵייטֶער אַף זַיין אֵייבֶּערְקֶעלְכִיל עֶפִּינְט אוּף זַייט מוֹחֵל רֶבִּי חַיִיקִיל אִיךְ דַארְף מִיט אַייךְ עֶפֶּעס רֵיידִין ׃

קַיין עֶנְטְפֶער אִיז נִיט גִיוֶוען נָאר מִיר הָאבִּין גִיהֶערְט וְויא דִי טִיר פוּן חַיִיקִילְס סְפַּיילְנֶע הָאט זִיךְ גִיעֶפִינְט מִיט אִימְפֶּעט, מִיר הָאבִּין גְלַייךְ פַאר שְׁטַאנֶען אַז רֶבִּי חַיִיקִיל אִיז אַנְטְלָאפִן צוּ דִי ווַייבּ אִין צִימֶער, דְרוּם הָאבּ אִיךְ גִיהֵייסִין שְׁמִילִיקִן אוּנְטֶער גֵיין אוּנְטֶער עֶלְקֶעלֶעס פֶּענְסְטֶער עֶר הָאט מִיר גִיפָאלְגְט אוּנ אִיז אַהִין צוּ גִיגַאנְגֶען דְרַייא מָאל הָאט עֶר גִיגֶעבִּין אַקְלַאפּ אוּנ דֶער נָאךְ הָאט עֶר אָנְגִיהֵייבִּין צוּ רֵיידִן מִיט אַקְלָאג ׃ עֶלְקֶעלֶע ! גָאלְדֶעלֶע ! קְרֵיינֶעלֶע, הַארְצֶעלֶע ! עֶפִינְט אוּף אַייעֶר טִיר אִיךְ דַארְף צוּ אַייעֶר מַאן אַשַׁארְפִין אִינְטֶערֶעס, עֶפִינְט אוּף קֶעצֶעלֶע מִיר אִיז זֵייעֶר קַאלְט צוּא שְׁטֵיין דָא אִיךְ ווִיל זִיךְ אַבִיסֶעלֶע דֶער ווַארֶעמֶען,

מִיר הָאבִּין דֶער הֶערְט אִין דֶער מִינוּט אַגִישְׁרֵייא שְׁמַע יִשְׂרָאֵל !, אוּנ דֶר בַּיי חַיִיקִילְס קוֹל ׃ דֶרְלַאנְג חַנָה גִיכֶער וַואסֶר דִי בַּאלֶבָּאסְטֶע הַאלֶעשְׁטִי׳

אִיךְ מִיט דֶעם גִישְׁטָארְבֶּענֶעם זַיינֶען אַוֶועק גִיגַאנְגֶען אַהֵיים, אוּנ

אַף מָארְגִין הָאט מֶען גִיזָעהָען וְויא חַייקִיל הָאט גֶעשִׁיקְט 10 מֶענְטְשִׁין אַפִּין בֵּית עוֹלָם, מִי הָאט גִיזָעהָען אַז עֶר אִיז פְּרָאסְט וְויא דוֹל מִיט אֵיין וָוארְט עֶר אִיז גִיוָועזְן אוּיס מֶענְטְשׁ׃

## אַסוֹף צוּ דִיא צָרוֹת

דִיא דְרִיטֶע נַאכְט הָאט שׁוֹין טַאקִי גִימַאכְט אַסוֹף צוּ דִיא צָרוֹת חַייקִיל הָאט אֲפִילוּ גִינוּמֶן צוּ זִיךְ צְווייא קְלוֹיזְנִיקֶעס זָאלְן זִיצִין אַגַאנְצֶע נַאכְט אוּנ לֶערְנֶען, אָבֶּער דָאס הָאט גָאר נִיט גִיהָאלְפִין, אִיר דַארְפְט וִויסִין אַז צְווייא טִירִין זַיינֶען גִיוָועזְן צוּ חַייקִילְס שְׁפַּאלְנְיֶע, אֵיינֶע אִיז אֲרַיין אִין זַאל דִי אַנְדֶערֶע אִיז אַרוֹיס צוּם הֵייף, אִיךְ דַארְף נִיט דֶער צֵיילְן מִסְתָּמָא אִיז דִיא טִיר פוּן הוֹיף גִיוָועזְן גַאנְץ גוּט פַאר שְׁפַּארְט, אוּנ דִי טִיר וָואס צוּם זַאל אִיז גִיוָועזְן אַבִּיסִיל אָפִין כְּדֵי דִי תּוֹרָה פוּן דִי קְלוֹיזְנִיקֶעס וָואס הָאבְּן גִילֶערְנְט אִין זַאל זָאל אֲרַיין גֵיין צוּ אִים אִין צִימֶער, מַיין חַנָה הָאט אַף מַיין בִּיפֶעל גִיעֶפִינְט אוּנבֶּעמֶערְקְטֶער הֵייט דִי טִיר וָואס צוּם הֵייף אוּנ וְויא מִיר הָאבִּין בִּימֶערְקְט אַז רֶבִּי חַייקִיל שְׁלָאפְט אִיז זִיךְ מַיין טֵייטֶער אֲרַיין שְׁטִילִינְקֶר הֵייט אַנְגִיטָאן אִין תַּכְרִיכִים צוּא חַייקְלֶען אִין צִימֶער אוּנ הָאט זִיךְ גִישְׁטֶעלְט לֶעבִּין זַיין בֶּעט׃ שְׁטֵייא אוֹיף חַייקִיל לָאמִיר גֵיין אַבִּיסִיל צוּ בֵּית דִין שֶׁל מַעֲלָה, אַלֶע דַיָנִים זִיצִין אוּנ וַוארְטִין אַף דִיר, הָאט גִיזָאגְט שְׁמִילִיק אָן נֶעמֶענְדִיק אִים בֵּיין הַאנְט׃

אִיר קֶענְט זִיךְ נִיט פָארְשְׁטֶעלִין רֶבִּי חַייקִילְס שְׁרֶעק, עֶר הָאט גִימַאכְט אַגְוַואלְד אוּנ דִי צְווייא קְלוֹיזְנִיקֶעס וָואס זַיינֶען גִיזֶעסְן אוּנ גִילֶערְנְט הָאבְּן זִיךְ אֲרַיין גִיחַאפְּט צוּ חַייקְלֶען אִין צִימֶער, אָבֶּער וְויא זֵייא הָאבְּן דֶער זֶעהָען דֶעם טֵייטִין שְׁמִילִיקִין אִין דִי תַּכְרִיכִים זַיינֶען זֵייא אֲרוֹיס גִילָאפִין צוּרִיק מִיט שְׁרֶעק אוּנ הָאבִּין אִיבֶּער גִילָאזִין דִי לִיבְּלִיכֶע פָּאר פָאלְג אַלֵיין אִין צִימֶער׃

לָאמִיר גֵיין צוּ בֵּית דִין שֶׁל מַעֲלָה! הָאט וַוייטֶער גִיזָאגְט שְׁמִילִיק מִיט אַנִיגִין פוּן צְדָקָה תַּצִיל מִמָוֶת, לָאמִיר גֵיין גִיבֶער מִי וַוארְט אַף אוּנְז דָארְטִין גְוַואלְד רֶבִּי שְׁמִילִיק הָאט רַחֲמָנוֹת אַף מַיינֶע אַלְטֶע יָארִין! הָאט זִיךְ גִיבֶּעטִין רֶבִּי חַייקִיל, קֶערְט זִיךְ אוּם אִין אַייעֶר רוּא הָאט רַחֲמָנוֹת!

רַחֲמָנוֹת הָאבִּין אַף דִיר עוֹכֵר יִשְׂרָאֵל? הָאט גֶעשְׁרִיעֶן שְׁמִילִיק מִיט כַּעַס דוּ הָאסְט רַחֲמָנוֹת גִיהַאט אַף מִיר מִיט מַיין וַוייבּ אוּנ מַיינֶע קִינְדֶער? צוּלִיבּ דִיר בִּין אִיךְ גִיגַאנְגֶען יוּנְגֶער הֵייט אִין דֶער עֶרְד, דוּא בֶּעטְסְט אִיךְ זָאל אַף דִיר רַחֲמָנוֹת הָאבְּן? דוּ הָאסְט רַחֲמָנוֹת גִיהַאט אַף דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכֶר

תַּנֶען מִיט אִיר מוּטֶער וָואס אִיז אוֹיס גִיגַאנְגֶען צוּ לִיבּ דִיר פוּן הוּנְגֶער, דִי מִינוּט זָאלְסְטוּ מִיט מִיר גֵיין צוּ בֵּית דִין שֶׁל מַעֲלָה, חַאנֶעס פָּאטֶער מִיט דִי מוּטֶער וַוארְטִין דָארְטִין אֵייךְ אַף דִיר, דוּא וֶועסְט דָארְטִין אָפּ גֶעבִּין דִין אוּנ חֶשְׁבּוֹן אַף אַלֶם וָואס דוּ הָאסְט גִיטָאן׃

גְווַאלְד הָאבּ רַחֲמָנוּת הָאט זִיךְ גְקְלַאנֶעט רֶבִּי חַייקִיל, הֵיים מִיר וָואס זָאל אִיךְ טָאן אִיךְ וֶועל דִיר אַלֶם פָּאלְגִן נָאר צוּ בֵּית דִין שֶׁל מַעֲלָה פִיר מִיר נִיט׃

זָעה נָאר דוּא רוֹצֵחַ אִיךְ הָאבּ אַף דִיר רַחֲמָנוּת הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט שְׁמִילִיק נָאר בִּתְנַאי אַז דוּ זָאלְסְט מִיר אִין אַלֶם פָּאלְגְן וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגְן׃

אִיךְ וֶועל אַלֶם טָאן — הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט רֶבִּי חַייקִיל מִיט פְרֵייד הֵיים נָאר אִיךְ וֶועל פוּן דַאנֶען אַהִין דֵיינֶע וֶוערְטֶער נִיט אִיבֶּער גֵיין׃

דוּ זָאלְסְט מָארְגִין מַיין וַוייבּ אַרַיין טְרָאגִין אַכְט טוֹיזֶענְד קֶערְבְּלַאךְ — הָאט שְׁמִילִיק גִיזָאגְט — פִינְף טוֹיזִינְד וָואס דוּ הָאסְט גִינוּמֶען בַּא מִיר אוּנ דְרַייא טוֹיזִינְד פַר דֶעם וָואס דוּ הָאסְט אִיר מַאן צוּ גִינוּמֶען, אוּנ חַאנֶען זָאלְסְטוּ אָפְּגֶעבִּן פִינְף מָאל אַזוֹא פִיל וִויא דוּ הָאסְט בַּא אִיר פָּאטֶער גִינוּמֶן דוּ הֶערְסְט? אוּנ אוֹיבּ דוּ וֶועסְט מִיךְ נִיט פָּאלְגִין וֶועל אִיךְ דִיר מָארְגִין מִיט גְוַאלְד אַוֶועק שְׁלֶעפִּין פַאר בֵּית דִין שֶׁל מַעֲלָה׃

אִיךְ וִויל אַלֶם טָאן אָבֶּער פִינְף מָאל אַזוֹא פִיל זָאל אִיךְ אָפּ גֶעבִּין חַאנֶען? אִיךְ וֶועל דָאךְ בְּדַלוּת וֶוערִין דֶען אִיךְ וֶועל אִיר דַארְפִין גֶעבִּין פִינְף אוּנ צְוַואנְצִיג טוֹיזֶענְד רוּבּל׃

רֵייד נִיט קֵיין סַךְ אוֹיבּ דוּא וִוילְסְט נִיט גֵיין מִיט מִיר אִין דֶער אֱמֶת וֶועלְט — הָאט שְׁמִילִיק גִיזָאגְט — אוּנ דִיא גֶעלְט חַאנֶעס זָאלְסְטוּ אָפּ גֶעבִּין שְׁלֹמה בּוֹימְבְּלַאט דֶער גִיוֶועזֶענֶער אֵיידִים זִימִיל יֶענְטֶעס, אוּנ אוֹיבּ דוּא וֶועסְט מִיר נִיט פָּאלְגִין וֶועט זַיין מִיט דִיר בִּיטֶער׃

זִימִיל יֶענְטֶעס גִיוֶועזֶענֶער אֵיידִים אָט דֶעם שַׁארְלֶעטַאן? הָאט זִיךְ אָפְּגִירוּפִין מִיט אַבִּיטֶערִין קוֹל, פַאר וָואס קוּמְט דָאס אִים׃

פְרֶעג נִיט קֵיין קַשְׁיוֹת הָאט גִיעֶנְטְפֶערְט שְׁמִילִיק סְטְרָאגֶע׃

אִיךְ וֶועל שׁוֹין נִיט פְרֶעגְן נָאר טְרֶעט אָפּ פוּן מִיר הָאט גִיזָאגְט רֶבִּי חַייקְל׃

גִידֵיינְק דוּ זָאלְסְט נִיט מְשַׁנֶה זַיין מַיינֶע וֶוערְטֶער וָוארוּם דוּ בִּיזְט פַאר לָארִין הָאט גִיזָאגְט שְׁמִילִיק אוּנ אִיז גֶעשְׁוִוינְד אַרוֹיס פוּן רֶבִּי חַייקִילְם הוֹיז׃

חָלֶעבִּין אַף מָארְגִין אִיז רֶבִּי חַייקִיל טָעמֶעס בִּכְבוֹדוֹ וּבְעַצְמוֹ גִיקוּמֶן צוּ מִיר אוּנ הָאט מִיר מִיט טְרֶערִין אוּנ מִיט אַצוּבְּרָאכֶענֶער הַארְץ גֶעגֶעבֶּען אַף אֵיין הַאנְד 25 טוֹיזֶענְד קֶערְבְּלַאךְ אוּנ דָאס זֶעלְבֶּע הָאט עֶר גִיטָאן

שְׁמִילִיקְס וַוייבּ הָאט עֶר אִיר אָפְּגִינֶעבִּין 8 טויזֶענְד רוּבּל בִּמְזוּמָנִים מַמָשׁ, אוּנ דֶער מִיט אִיז גִיוָוארִין אָסוֹף צוּא אַלֶע צָרוֹת ׃ • •

## הָמְנָס מַפָּלָה

כְּדֶרֶךְ הַטֶבַע הָאט מֶען זִיךְ בַּאלְד דֶער וואוּסְט דֶעם גַאנְצִין אָנְשְׁטֶעל אֲוָועלְט שְׁלָאפְט נִיט, דֶען אִין אַפָּאר טֶעג אַרוּם הָאבּ אִיךְ הַתוֹנָה גִיהַאט מִיט חַאנֶען אוּנ שְׁמִילִיק דֶער גִישְׁטָארְבֶּענֶר הָאט זִיךְ אָנְגִיהֵייבִּן צוּ וַוייזִן אִין מִיטִין הֶעלִין טָאג דַוְקָא נִיט אִין תַּכְרִיכִים נָאר אַזוֹא וִויא אַלֶע מֶענְטְשִׁן, אוּנ קֵיינֶר הָאט שׁוֹין גָאר פַאר אִים קֵיין מוֹרָא נִיט גִיהַאט וָוארוּם דִי גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה אִיז אַרוֹיס אַפִּין טֶעלֶער, עֶס אִיז גִיוֶוען גִילֶעכְטֶער אִיבֶּער גִילֶעכְטֶער אוּנ רֶבִּי חַייקִיל הָאט זִיךְ קֵיין אָרְט נִיט גֶעפוּנֶען וואוּ צוּ בַּאהַאלְטִן זַיין חֶרְפָּה, אוּנ זַיין הַארְץ וֶוייטָאק, דְרַייא אוּנ דְרַייסִיג טויזִינְד קֶערְבְּלַאךְ שְׁפִּילֶן הַיינְטִיגֶע צֵייטִן אַרָאלֶע, דָאס אִיז גִיוֶועזִן אַקְלַאפּ אֲשֶׁר לֹא קְלָאפּוּ אֲבוֹתֵינוּ, דָאס אִיז מַאקִי גִיוֶועזִן וִויא מִי זָאגְט הָמְנָס מַפָּלָה אוּנ דִי מַפָּלָה הָאט שְׁטַארְק גֶעווירְקְט אַף רֶבִּי חַייקְלֶען דֶען אִין אַקוּרְצֶע צַייט אִיז עֶר פוּן הַארְצְוֵוייטָאק אַלֵיין אַוֶועק גִיגַאנְגֶען צוּ בֵּית דִין שֶׁל מַעֲלָה, דָאס הֵייסְט עֶר אִיז גִישְׁטָארְבִּן, עֶס מַאכְט נִיט אוֹיס זַיין כָּבוֹד הָאט עֶר זִיךְ גִיהַאט אֲפִילוּ נָאךְ זַיין טוֹיט דֶען מִי הָאט גִימַאכְט נָאךְ אִים אֲשֵׁיינֶם הֶסְפֵּד, אוּנ אַסַךְ טְרֶערִן זַיינֶען פַאר גָאסְן גִיוָוארְן, נָאר מִי וֵוייס נִיט צוּ אוֹיף דֶעם וָואס עֶר אִיז גִישְׁטָארְבִּן צוּ אוֹיף דֶעם וָואס עֶר אִיז פְרִיעֶר נִיט גִישְׁטָארְבִּן • • נָאר וָואס מַאכְט דָאס אוֹיס אַבִּי מִי הָאט אִים מַסְפִּיד גִיוֶועזִן •

אִיךְ הָאבּ מִיר גִילֶעבְּט וִויא אַגְבִיר אוּנ הָאבּ גֶעשְׁפִּילְט אַשַׁארְפֶע רָאלֶע וִויא אִיר וֵוייסְט רֶבִּי יְהוּדָה, נָאר דֶער גִידַאנְקֶען צוּ לִיבּ מִיר אִיז אַזַא טַייעֶרֶע נְשָׁמָה פוּן דֶר וֶועלְט אַוֶועק גִיגַאנְגֶען הָאט מִיר קֵיין מְנוּחָה נִיט גִיגֶעבִּין, אִיךְ בֶּעט אַייךְ אַז אִיר זָאלְט שְׁטֶענְדִיג זָאגִן נָאךְ מִיר קַדִישׁ אוּנ לֶערְנֶען אַפֶּרֶק מִשְׁנַיוֹת, אוּנ טָאמֶער וֶועט אִיר קֵיין צַייט נִיט הָאבִּן מַאכְט גָאר נִיט אוֹיס • • אַפִּין הִימְל וֶועל אִיךְ זִיךְ שׁוֹין מִסְתָּמָא מִיט רֶבִּי חַייקְלֶען אִיבְּנָאדִין מִיר וֶועלְן וֶוערִין גַאנְץ גוּטֶע פְרַיינְד, אוּנ בֵּיידֶע וֶועלִין מִיר בֶּעטִין פַאר כְּלַל יִשְׂרָאֵל •

### ע נ ד ע